משה גראַניטשטיין

# די מענטש-סימפאָניע

(א איינזאמלונג — פאראדאָקסן, אפאָריזמען, עסייאיזמען.)

ISBN:0-657-12593-8


ב ו ע נ אָ ס   א י י ר ע ס
1 9 4 7

משה גראַניטשטיין

פֿון מחבר

# די מענטש-סימפּאָניע

(אַ איינזאַמלונג — פּאַראַדאָקסן, אַפאָריזמען, עסייאיזמען.)

M. Granitstein
Calle Reconquista 439
Buenos Aires
Rep. Argentina

בוענאָס איירעס
1947

# ביכער פון משה גראַנישטיין

## פּאָעזיע.

שטאַפּלען, לידער און געזאַנגען.

שיר השירים אשר לגראַפּאָמאַניע. (טרווידאָך־באַלאַדן).

## פּובליציסטיק און עסייאיסטיק.

פון תחום צו תחום, זכרונות און באַטראַכטונגען איבערן שטעטל.

טעאַטער־אוניווערס. (פּסיכאָאַנאַליטישע רעוועלאַציעס וועגן דער מענטש־אימפּעריע).

## דערציילונגען און נאָוועלן.

וואָס האָט געוואָלט פרוי גאַסטער?

פון ביידע זייטן בריק.

די אוואַנטורעס פון חבר האַמערל.

באַם וואָגזאַל.

באַשעלע. (א קינדער־נאָוועלע).

צוריק צום געטאָ. (א פייער־פּראָבע).

מענטשן פון באַגינען.

דער סאָלטערא. (א זאַמלונג.)

הארבסט־בלעטער. (א זאַמלונג.)

דער בעטלער, דער ליץ, דער סאָציאַלער מענטש. (א קלינישע געשיכטע).

די נאַנגרענע. (א געשיכטע פון ליבע און האַס.)

נאָרא. (א געשיכטע פון ציניזם און גלויבן.)

איך — די קאָמעדיע פון אידעאַל. (א געשיכטע פון אַלט און יונג.)

## בילדער פון אַפּגייענדן שטעטל.

ערשטער באַנד — דאָס שטעטל רעדט.

## סאָציאָלאָגיע.

די מאַסע און אירע דערלייזער. (ווערטן־איבערשאַצונג.)

קורצע וועלט־געשיכטע פון אידישן פאָלק.

פּראָפעסאָר גאָט און פּראָפעסאָר אידיאָט. (א פּאַנעגיריק צום אויבערשטן און זיינע אַרומזוכער.)

## טרילאָגיע: פּופּציק יאָר אידיש לעבן אין אַרגענטינע.

באָלוואַנעווקע. (ראָמאַן אין צוויי טיילן.)

מסעות פלינגלמאַן. (ראָמאַן אין צוויי טיילן.)

על חטא שחטאתי בראַטנפּאַרבאַנד. (ראָמאַן אין דריי טיילן.)

## מעמואַרן.

ליבאַוויטש און די וועלט. (א גלאַקן טרעוואָגע־בוך פאַר דער מאָדערנער אידישער אינטעליגענץ).

## איינזאַמלונגען.

אומעט. (אַנטיסאָציאַלע לוסט־געשיכטן.)

די מענטש־סימפּאָניע. (פּאַראַדאָקסן, אַפּאָריזמען, עסייאיזמען.)

# פאָרוואָרט

די מאַטעריאַלן, וואָס ווערן דאָ איבערגעגעבן צום לייענער: די אַלע אַפאָריזמען, ווערטער־שפּילן, סענטענצן, פּאַראַדאָקסן און הומאָר־סאַטירישע סקיצן — וועלכן בילדן, אַזוי צו זאָגן: די קווינט־עסענצן פון מיינע אידייען, — האָב איך איינגעזאַמלט — אויס מיינע פאַרשיידענע שריפטן וועגן מענטש און וועלט און זיי דאָ געסדרט, לויט זייערע שייכותן, אין פאָלגנדע אַכט אָפּטיילונגען: א) דער מענטש, בכלל (אַ סעריע דענונציעס); ב) דער מענטש, דער מענטש, דער מענטש; ג) גאָט, מענטש און טייוול — אַף דער א י ך ־ וועלט־אַרענע; ד) קונסט, וועלט, לעבן; ה) מאַסע און אינטעליגענץ; ו) אָדם וחוה, אָדער אָדם ובהמה; ז) אַבסורדן; ח) אַלגעמיינע אינזיכיזמען. עס איז א פּאַרזוך: אַרויסצוברענגען, אין א געוויסער מאָס — יענע שוידערהאַפט־פּאַטאָלע פּסיכאָלאָגישע אמת'ן, יענע רעוועלאַציעס, וועלכע בילדן — די מענטש־גאַמע, זיין אויפגעשפּילטע קלאַוויאַטור, זיין קרומע ליניע, זיין זשאָנגלאָריאַדע, זיין גרימאַסע; דעם מענטשנס גאַנג איבערן דזשונגל, אין דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן; אַוואו ער — דער סאַטיר — האָט אַזויפיל בלומען פון גיפט און שרעק, חכמה און טיפּשות געפלאַנצט.

ווי מע זעט: א איינזאַמלונג עיקרים — פאַרן ספר האָדם; חומר ולבנים צום בנין. איצט, זאָלן קומען די בונים און אָנהויבן.

# דער מענטש, בכלל.

## (א סעריע דענונציעס.)

דער אפאריזם זאגט כסדר — דאס פארקערטע פון דער אני־גענומענער לאגיק. אבער, נישט אלדאס פארקערטע פון לאגיק איז — אפאריזם.

דער אויסנאמלעכער אפאריזם פון היינט איז — די אלגע־מייז־אנגענומענע לאגיק פון מארגן: ווען עס הויבט זיך אן זיין דעקאדענץ.

א) ותהי האמת נעדרת. דער אמת גייט אום איבער דער וועלט, ווי א טשערעדע. (מלשון עדר.) ער האט נישט קיין מנוחה; ער ווערט גע־טריבן פון ארט צו ארט. (ר' נחמן בראצלאווער.)

ב) רישעות, היסטעריע, דאס נישט קענען זיך אפהאלטן איז — ערשטער סימפטאם פון אימפאטענץ.

ג) נישט תמיד איז א לערער א אמן-פדגוד. אמאל איז ער נאר — א המן־פדגוג.

ד) כי באפם הרגו איש. אמאל דערהרגעט מען א מענטשן בלויז מיט דער נאז.

ה) פאר וואס איז דער גביר — א נופל? ווייל ער טראגט אף זיך צופיל. אזוי ווי איינער, וואס האט אנגעטון א צו־לאנגן בגד; פלאנטערט ער זיך אים צווישן די טראט, און ער מוז אומפאלן. (ר' דוב־בער שניאורסאן.)

ו) רבי מכבד עשירים. רבי פלעגט אויסקערן די גבירים, אזוי ווי מע קערט אוים מיסט.

ז) פונקט ווי עס איז שווער מענטשלעכע מיילער צו פארמאכן, — אסור־ראט אזוי, און נאך שווערער, איז — זיי צו עפענען.

ח) נישט איין פזרן, ווען מע קומט צו אים נאך הילף, — איז ער גרייט אפגעבן פון זיך — דאס לעצטע העמד; אבער — טאסע נישט מער.

ט) אז איינער נעמט ציען דיין אויפמערקזאמקייט, דיר געפעלן — אייל זיך נישט. לאז אים פריער אינטערנירן אין דיין סאנאטאריע — אף אבסערוואציע.

י) יא. עס געלינגט אמאל זיך ראטעווען פון די תהומות א ר ו ם ד י ר. נו, און פונעם אייגענעם מענטש־תהום?!

יא) אף הוא — אויך ער, דער חכם, — ראה גלגולת אחת, שצפה על פני המים.

אלע הבל'ס האבן ג ע ק ו ק ט, דאכט זיך, אף דעם זעלבן. נאר

ער איינער, מיט זיין חכמה, האט ג ע ז ע ן. און ער האט געזאגט: על דאטפת אטפוך; וסוף מטיפיך — יטופון: דורך די עלעמענטן; דורך דער אייביקער היסטאָרישער גערעכטיקייט! און נ י ש ט — דורך דער ביי־זעך האנט פונעם מענטשן: וועלכער טוט אמאָל גערעכטעס — בלויז אויס איינגענער רישעות.

יב) ווילסטו וויסן: וואָס הייסט — א וואוילער גוטמוטיקער מענטש, — נעם און צערייץ אים. דאן, וועסטו עפּעס זעען!

יג) איבערגעטריבענע העפלעכקייט צילט: נישט — אויפצוהאלטן ב א צ י ו נ ג ע ן, נאָר — אָנצוהאלטן נ י ש ט - באציונגען; עס הייסט: אָנשטאָט — אן אָפענער (נישט-לוינבארער) ריס, — א דיס־טאנציעלע — פארשטעלטע אונטער דער מאסקע פון „וויים־תמיד־ווער־איך-בין־און-ווער־דו ביסט" — „פארבינדונג".

יד) כל הגדול מחברו, יצרו גדול הימנו. אז איינער שטעלט זיך גרע־סער פון זיין חבר, — איז דאָס — ד ע ר י צ ר ־ ה ר ע ז י י־נ ע ר גרעסער פון יענעם.

וואָס העכער דו טוסט זיך דערהויבן איבער דיינס גלייכן, — אלץ גרעסער שטייגט אין יענעם דער רייץ — דיך אומצוברענגען.

טו) דער מיזאנטראָפּ האסט, מ י ט ל י ב ש א פ ט, דעם שלעכ־טן מענטש: ווייל ער איז — א ב א ש ט ע ט י ק ו נ ג צו זיין טעאָריע. דאקעגן — האסט ער, מ י ט ש ו י ד ע ר ל ע כ ן ה א ס, דעם גוטן מענטש: הלמאי, ער צ ע ש ט ע ר ט אים זיין לעבנס־באַ־נעם. שוין מיטדערמיט אליין, איז יענער — אן אויסוואורף; און ער באַרדינט, מילד גערעדט — אז מע זאָל אים פארטיליקן!

טז) פארוואָס זעען נישט מענטשן — קיין מענטשן? ווייל מע זעט נישט — ז י ך. און פארוואָס זעט מען נישט — ז י ך ? ווייל מע זעט — נ אָ ר ז י ך.

יז) שלח לחמך על פני המים; כי ברוב הימים תמצאנו. דער רונדער לעבנס-שטראָם קערט אלץ אום, מיט דער צייט, צוריק, צו די איינגענע ברעגן... ... ... איז גוט, אז מע טראָגט אריבער יענעם „ר ו ב ה י מ י ם", און מע דערלעבט אליין דעם טאָג: ווען דאָס אמאָל-אוועקגעשיקטע ברויט בון-זיך — האלט שוין אין צוריקקערן... וויפל־זשע „רוב־הימים׳ס" א־זעלכע לעבט עס דער מענטש?... אַ פּ ט, שיקט ער אוועק זיין ברויט — שוין „ב ע ר ו ב ה י מ י ם": ווען ער אליין האלט שוין בא פאר־גיין... און נאכהער, „ברוב הימים", ווען דאָס ברויט שלאָגט, ענדלעך, צ ו צוריק צו די אמאָליקע ברעגן, — טרעפט עס גאָר דאָרט א פרעמדן: וועלכער וועט ע ר ש ט קומען געניסן פון — עמיצנס אמאָליקער האָ־רעוואניע... געניסן! טאַ, זאָל ער דאָס כאָטש וויסן! און ציען דערפון די געהעריקע שלוסן!

יח) דער מענטש פּאַרטראַגט לייכטער — יענעמס ליידן, איידער — יענעמס פרייד. דאָס לעצטע טרייבט ארויס דעם אָרעמען מענטש פון זיין גלייכגעוויכט — און ער נעמט מאכן רעוואָלוציעס.

יט) אי אפשר לעולם: עס קאָן נישט געמאָלט זיין די וועלט — אָן גוטס און שלעכטס - ב אַ נ אַ נ ד. די עקזיסטענץ פון גוטס און שלעכטס באַדינגט זיך קעגנזייטיק. אָן שלעכטס, — איז נישט שייך — דער קיום פון גוטס. אָן גוטס, — קאָן מען זיך נישט פאָרשטעלן — דעם מהות פון שלעכטס. גוטס און שלעכטס, — זיי זענען — איינגעלעבט, אריינגעוואַקסן איינאַנדער... אזוי ארום: זענען זיי ביידע — אַ ל אַ ס ט פאַרן לעבן. דאָס גוטע פאַלט צו־לאַסט — אינערהאַלב דעם שלעכטן; דאָס שלעכטע — אינערהאַלב דעם גוטן... פונדעסטוועגן, — טראָגט דער מענטש לייכטער — ד י ל אַ ס ט פ ו ן ג ו ט ס, איידער — די לאַסט פון שלעכטס. אַ סימן: דער מענטש איז גרייט צו טיילן — אזוי ג ר ו י ס מ ו ט י ק, און מיט פאַנאַטישער לוסט אפילו — די לאַסט פון זיין שלעכטס — פאַר אַ וועלט אַ גאַנצער! דאַקעגן: אזוי ענגהאַרציק, אָן חשק, אפּאַטיש — טיילט ער ד י ל אַ ס ט פ ו ן ז יי ן ג ו ט ס...

כ) פריינטשאַפט — ווי יעדער נאַטירלעכער אָפּקלויב — האָט אין זיך אַלע עלעמענטן פון מאַן־און־פרוי־גערוענגל: פון אומזער צאַרטן, אָ, מענטשלעכן קאַניבאַליזם.

---

א) אָ, הערט זיך גוט איין, וואָס עס רעדט די נאָדל־לאָך! און זי האָט אזוי געזאָגט: „— האָריזאָנטן? דאָס פרעגט באַ מ י ר. אָ, זיי זענען — אומענדלעך!"

ב) דער גרויסער מענטש, וועלכער קאָן נישט אדורך, באַין־אופן, די קופּאָ־דמחטאָ-השגות פונעם קליינעם מענטשעלע, — וואַקסט אויס באַ יענעם אין די אויגן, ווי — אַ ווילד-צעגאָסענער מאָנסטער.

---

א) יעדער אַנטיסאָציאַלער טיפּ, וואָס איז מורד אין דער געזעלשאַפט — שרייט: אַז אַ גאַנצע געזעלשאַפט האָט זיך פאַרלייגט אויף זיין לעבן און זי רודפט אים.

ב) דער אַנטיסאָציאַלער טיפּ, וואָס שפּאַרט זיך אומעטום — זאָגן דיעות און לערנען שכל, — איז פונקט ווי דער אימפּאָטענטער אַלטער בחור, אַלציינס: וועלכער זוכט דיר נאָר אָנצוקאַלויטן צרות אין דער פרעמדער יונגער פאַמיליע — וואָס וויל און האָט כוח צו לעבן. ביז וואַנען מע כאַפּט זיך, און מע טרייבט אים דורך.

ג) אַלץ וואָס איז אַ י ב ע ר - מענטשלעך (געטלעך,) פונקט ווי אַ ו נ־ ט ע ר - מענטשלעך, איז — אַ ו מ - מענטשלעך.

ד) יעדער אַ ו י ס ע ר - מענטש, צי אַ ו נ ט ע ר -מענטש — אין

זיין פארשארפט שפלות-נעפיל, (ווייל נישט גלייכגעשטעלט צום נארמאלן סאציאלן מענטש), — פראקלאמירט זיך שטאלץ פאר — אן א י ב ע ר ־ מענטש.

ה) אין די באשרייבונגען וועגן די פאנטאסטישע לופט-רייזעס צו דער לבנה (ה. וועלס, ע. פא, א. טאלסטאי א.א.) ווערט אפט געשילדערט דער (אויסגעדאכטער) מאמענט, בעת דער פליער פאלט ארויס פון דער ערד־גראוויטאציע, נאר ער איז נאך צו דער לבנה־גראוויטאציע נישט דער־גאנגען; אדער ער פאלט גאר אריין אין א פעלד פון קעגנגעזעצטע נייט־ראליזירנדע גראוויטאציעס. דאן פארלירט ער, דער פליער, פלוצים, יעדן געוועכט, וואג, שווער־מאסע, און ער בלייבט געליימט, פארגליווערט, אן דעם מינדסטן דראנג אין ערגעץ, ווי אויסער צייט און רוים.

דאס איז אפט דער פאל פון דעם, וואס פארלאזט זיין קלאס, זיין שיכט, נאר ער איז אין ערגעץ נישט דערגאנגען; אדער ער פאלט אריין אין א פעלד פון קעגנגעזעצטע נייטראליזירנדע גראוויטאציעס. ער פארלירט, דאדורך, די גראוויטאציע פון דער סאציאלער געזעלשאפט; און ער נעמט זיך באמבלען, ווילנלאז, אן דראנג, צווישן הימל און ערד, אן געוועכט, וואג, שווער־מאסע; אן דעם מינדסטן ווערט... ווייל יעדער שוואונג איז, אין תוך — גראוויטאציע...

---

א) מר — האר; מר — ביטער. אוי, הארנשאפט, ברודער, איז — בי־טער!

ב) דער האר איז סימפאטיש — דאן, ווען ער איז קראנק. דער דינער — נאר דאן, ווען ער איז געזונט. און דאמאלס, — איז ער — ע ר ש ט נישט-סימפאטיש.

ג) נישטא קיין מער־סימפאטישערע דערשיינונג — ווי א קראנקער עקס־פלואטאטאר... דערפאר — איז, אפטמאל, א שאד: ווען מע זעט צו, ווי ער נעמט איבערגיין, מיט זיין קרענק — אין א האפענונגסלאזן צו־שטאנד; ד. ה.: ווען עס גייט פארלארן יעטוועדע האפענונג — אים צו זעען נאכמער־סימפאטישער — ב א ם א ו י ס ג יי ן: ווייל ער נעמט שוין, ליידער, צוריקקערן און קומען צו זיך...

---

א) נישט איינמאל, איז א לערער אזוי ל ע ר, ווי א ל ע ר ע ר קאן דאס נאר זיין.

ב) אמאל, באגעגנט מען איינעם, און מע האט הנאה פון יענעמס זיוו־השכינה. אמאל, טרעפט מען איינעם, וואס מע מוז נהנה־זיין פון זיין זיוו־התשחינה.

ג) דער מענטש, אין זיין גרויסער הערלעכער וועלט, האט נאך אלץ נישט באשאפן קיין אקוסטיק פארן פרייען מענטשלעכן ווארט.

ד) א הונט, אז ער כאפט שוין א ביין פון דער יאַטקע, — בלייבט ער אַלץ — הונט, ווי געווען.

ה) דער כאַם-אידעאַליסט וועט דיר קיינמאָל נישט מוחל זיין דיין ליוב פאַר דעם, וואָס איז למעלה מהשגת המחילה שלו. ער וועט דאָס באַטראַכטן פאַר אן אטענטאט אף דער מאָראַל; און נעמען העצן — דיך אַנצולערנען.

ו) פאַראַן מענטשן — וואונדער-קינדער. דער וואונדער באשטייט אין דעם: וואָס, שוין אף דער עלטער, — זענען זיי נאָך אַלץ — אזוי גראַציעז־טעמפּ, ווי קינדער — חנעוודיק־נאַיוו.

ז) דעם גם זאָלסטו הויבן — ביז צום הימל; נאָר, אזוי שוין אים לאָזן — דערהויבן; באַ עלית־נשמה, נאָר — אָן ירידה. ווייל — צוואוואָס? ליידט ער דען ניט פון א נשמה יתרה (אָן איבעריקער)? וואָס טויג א נשמה-מיסטעריע איינעם, וואָס האָט חוש נאָר פאַר מ י ס ט ?

ח) דעם פּרינציפּיעלן עם־האָרץ (ד. ה. אַן עם־האָרץ מ י ט פּ ר י נ-צ י פּ ן,) קאָן מען, באַין-אופן, נישט איבערציייגן. אים מוז מען — איבערברעכן.

ט) פונדעסטוועגן, טאָר מען נישט נעגירן: אַז אויך דער פּרינציפּיעלער עם-האָרץ האָט זיך זיינע מאָמענטן פון דערהויבנקייט און נשמה־יתרה־דיקייט, ד. ה. (ווי דערמאָנט אויבן): ווען די מענטשלעכע נשמה ווערט פאַר אים אַן איבעריקע זאַך און זי טוט זיך פון אים דערהויבן.

י) איטלעכער, א ף ז יי ן א ר ט — האָט זיך זיין ווערט און-טער דער זון. (אויב ער האָט, בכלל, א ווערט.) דער שטרייט און די אַנטווערטיקונג אַנטשטייט אָפט — באַם שלעכטן אויפפּאַר פון ווערטן. למשל: ווען א אַלטער דר. פּאוסט זוכט די ליבע פון א קינדערשער גרעטכען; אָדער — א זעראָ און אַ איינס: אויב נאָר דער הדיוט וועט ניט זיין קיין קופּץ בראש.

---

א) קיינמאָל נישט אזוי, ווי אין די טעג פון מבול, טוט זיך מאַניפעס-טירן די טבע פונעם וואָגיקן גאָלד — אַראָפּ צום גרונט; בעת די לייכטע צואה שווימט אַרום, גליקלעך, אפן איבערפלאַך.

ב) יעדער הער לאָזט פון זיך ה ע ר ן . . .

ג) נישט איין מיסטיקער איז, פּשוטו כמשמעו — א מיסט־עיקר.

ד) אינעם הויז, וואו מע האָט באַגאַנגען א שרעקלעך־געמיינעם עיפּוש־דיקן פאַראַט, — „שמעקט" דערנאָך זייער שטאַרק מיט שאַרפער „מאָראַל"-פּאַרפום. (טורגעניעוו.)

ה) נישט איין לעבעדיקער לאַזאַר־קאַדאַווער גייט אַרום אינעם לעבן — א צוריקגעגאַנגענער, אָ, שוין לאַנג, צו זיין ביאָלאָגיע-יעראַרכיע פון

די ווערים; און אנטוויקלט־קאַפּאַשאַיעט א מערקווירדיק־פּיבערהאפטע טע־
טיקייט.

ז) א ליץ האָט אמאָל אויפגעבויעט א פּאלאַץ — אָן א בית־הכסא און, דער־
נאָך, דאָרט געגעבן, פאר טויזנטער הויכע געסט — דעם וועלט־באל.

ח) נישט תמיד איז ווידוי — דער סאָציאלער דראנג זיך צו באפרייען
פונעם בייז; זיך צו באנייען. אָפט, איז ער — דער פרעכער אנטי־
סאָציאלער דראַנג צו מאָרד און זעלבסטמאָרד: צו נידערן — אומפאר־
שעמט, בפני כל עם ועדה — אין די קעלערן פון דער אייגענער קלאַסע;
נעמען פייניקן י ע נ ע ם, לעסטערן די אינטימיטעט פון א וועלט מיט
מענטשן, רייצן אין יעדן דעם באגראָבענעם דערשטיקטן בייזן איבל; און
פייניקן ז י ך; אָבער, צוגלייך — עקלהאפט געניסן פון דער נידערי־
קער דערינערונג; ווידער „אויפלעבן" — אינעם וואָזיען־זיך אין דעם זיסן
ווארעמען עיפּוש פונעם אמאָל־באגאנגענעם פארברעכן.

ח) צו קיין שום זאך אין דער וועלט — אָ, דו מענטשעלע טייערער האר־
ציקער, וואָס דו ביסט! — טוסטו זיך נישט צוגעוואוינען אזוי שנעל
— ווי צום עיפּוש, דעם מושב: דעם אייגענעם, דעם אַנגעטראָגענעם —
אלציינס; ווי באלד דו זיצסט זיך נאָר איין... אָבער, וואָס זאָג איך —
אַ נ ג ע ט ר אָ ג ע נ ע ם! אליין טוסטו לויפן — מיט א גדולה, מיט
א גריילעכער באגליקטקייט — דעם קולטורעלן עיפּוש־טרעגער אנטקעגן:
ווי נאָר דו האָסט דערשמעקט זיין געטלעכן ריח-ניחוח! אום, וואָס שנע־
לער איינצוטרעטן אין אים — אין דער מענטשן-קלאַקע פון דער צייט,
זיך אַננעמען, אדורכנעמען מיט אים; אָ, דו מענטשעלע זיסער הארציקער,
וואָס דו ביסט!...

ט) והנה זה לעומת זה עשה אלוהים — גייט מיר אלץ נאָך די מימרא פון
ליבאוויטש, אומעטום. דאָרט, וואו א מענטשן־ישוב, — קומט, אומ־
פארמיידלעך, — די קלאַקע, דער אַפּפאל. דאָרט, וואו מענטשן, — מוזן
זיך „מענטשן" געפינען. אזוי גוט, ווי בערג באדינגען טאָלן; אזוי גוט. ווי
וויים — שווארץ; און פארקערט... אָ, טראכט, מייגע פריינט, איין ביסל,
דאריבער; טראכט...

---

א) נישט איינער פאָרט היילן זיין רעוומאטישן גייסט אין די ווארעמ־
בעדער פון דער פילאָזאָפיע; און קערט צוריק מיט דער אומהיילבא־
רער קרענק פון דער פילאָזאָפיע זעלבסט.

ב) פילאָזאָפיע לשם פילאָזאָפיע איז — אזויווי קונסט לשם קונסט. און
ליבע לשם ליבע — אנטי־מענטשלעך. סאָציאל איז נאָר — די פי־
לאָזאָפיע, די קונסט און די ליבע פונעם לעבן.

ג) איינער נעמט ליידנשאפטלעך פאָרשן, צוליב א געוויסן ציל. אזוי
לאנג, — ביז ער גיט זיך אליין נישט קיין רעכענונג: ווי ער האָט,

אונטערדעסן, ליב געקראָגן — דאָס פּאַרשן זעלבסט, אלס ציל; דאָס פּאַר־שן אָן-און-פאַר־זיך, דאָס פּאַרשן לשם פּאַרשן אליין. בא וואָס־זשע דאַן בלייבט ער, דער הינטערוועגנס־פּארשטעקטער? בא גאָרנישט. ריכטיקער: באַם עפּילעפּטישן אומהיילבאַרן דראַנג צו צעשטערן; קיין ציגל אַף קיין ציגל — אין ערגעץ; אַז אַלעס זאָל בלייבן — אויפגעטרענט, אנאליזירט און חרב.

ד) נאָך אין ליבאַוויטש האָט מען געלערנט: אַז דאָס אָפּגעבן זיך מיט השכלה לשם השכלה, (וויסן לשם וויסן,) ברענגט צו דעם: אַז מע בלייבט אויך פון דער השכלה — אינדרויסן. ווייל אַלע ענינים זענען — מענטשלעך.

---

א) נישט איינמאָל, איז אגרויסער מאַן (אין סמיכות) — א גאַנץ גרוי־סער גאָרנישט.

ב) דער געבילדעטער גאָרנישט האָט נישט קיין קולטור. די קולטור — האָט א י ם. נאָר, ליידער, ה אָ ט די קולטור אויך — א גאָר־נישט מיט א נישט.

ג) די אָפּגעלעבטע געבילדעטע נישטיקייט היט אייפעריק די טויערן צום אייביק-בליענדן וויסן, — אזויווי דער אַלטער בעל-עברהניס — זיין יונגער פרוי. איןביידע פאַלן: נישט זיי אַליין געניסן; נישט זיי לאָזן אַנדערע צ ו. —

ד) פאַראַן קולטור, ליטעראַטור; און עס איז אויך פאַראַן — קולט־הור, ליטעראַט־הור.

ה) פאַראַן אינטעליגענץ פון אינטעליגענטן; און פאַראַן — הינטעלי־גענץ פון הינטעליגענטן.

ו) צוויי אירע פּאַרייסן דעם קאָפּ צו די מזלות און קוקן. איינער זוכט — אַסטראָנאָמיע, וויסנשאַפט; דערפאַר וועט ער אומגיין, אַף דער ערד, כל-ימיו — אין צעריסענע תחתונים. דאַקעגן, דער אַנדערער זעט נישט מער, ווי דעם מזל טלה: דאָס גליק זיינס, וואָס ער איז געקומען אַף דער וועלט — א באָק. דערפאַר, וועט ער וויסן פון א לעבן.

ז) מיום שחרב בית־המקדש ניטלה הנבואה מן הנביאים ונתנה לתינוקות ולשוטים. זינט עס איז צעשטערט געוואָרן דער טעמפּל פון דער אי־דישער אינטעליגענץ, — איז געוואָרן אָפּגענומען דאָס לערערישע וואָרט — פון דעם עכטן אינטעליגענט, און עס איז איבערגעגעבן געוואָרן — צו יעדן סמאַרק, איך בעט איבער אייער כבוד, און צום גריילעכן אידיאָט.

ח) דער רבי ר' ברוכל מעזשיבאָזשער פלעגט זאָגן וועגן יענע עם־האר־צישע מגידים, וועלכע זענען, א לעבן לאַנג, אַרומגעפאָרן און גע־פּלאַפּלט איינע־די־זעלבע פּלוידעריי: „— חד-גדיא, איין דרשה; חד גדיא, איין דרשה; דזבין אבאָ, ער פאַרקויפט דעם טאַטן אין הימל, בתרי זוזי, פאַר

א פּאָר גילדן; חד גדיא, איין זאָנעכץ, חד גדיא, איין דרשה״...

א) דער, וואָס שפּאַרט זיך אומעטום צו דער שפּיגל-וואַנט — ווייסט כּאָטש: אַז דער שפּיגל ציי֗גט אַזוי קלאָר — וויאַזוי יעדער באַוועגט זיך אַף צוריק?

ב) א פּ א ר א ד — אָ ק ס, איז נישט — קיין פּאַראַדאָקס; נייערט — אין דער פולסטער אָרדענונג פון די זאַכן.

ג) א קלאַפּ צילט אמאָל — אויפצורייסן איינעם פון זיין דרעמל; נאָר, ער דערלאַנגט אַזוי געטריי — אַז ער פלעט יענעם דעם קאָפּ.

ד) דער פּראָטאָטיפּוס איז, נישט איינמאָל — א פּראָטאָטיפּש, אָדער גאָר — א פּראָטאָטיפּוס, א פלעקטיפּוס, צי א פלעק-טיפּש.

ה) דער טיפּש בלייבט אייביק אימוניזירט פאַר דער חכמה; וועלכע איז, אין איר תוך, צום באַדויערן — היגיעניש: זי שטעקט דעם שוטה קיינמאָל נישט אָן.

ו) נישט איינמאָל, בלייבט מען איבערגעראַשט־דערשטוינט פונעם אידי־אָטס רייד. און ווירקלעך: ווי קומט א חמור צום לשון בני־אָדם?!

ז) פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט איז דער מענטש נישט גרייט צו גיין אַף קידוש-השם, מיט אַזא התלהבות — ווי פאַר זיינע הינגער־אויגן.

ח) אוי לך ארץ, שמלכך נאַר.

ט) אָפּט פירן מיר זיך אויף, ווי יענער פּאַזשאַרניק אַלציינס, וועלכער האָט איינגעטיילט די מענטשהייט אין צוויי קאַטעגאָריעס: אין עכ־טע פּאַזשאַרניקעס, וועלכע זענען, נאַטירלעך — דער שאור שבעיסה; און אין אַלע אַנדערע, אויסער דער בראַנזשע — וועלכע זענען, א וודאי: אונטערצינדער, סתם-אויסוואַורפן און — וואָס אין דער קאָרט.

י) פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן א אָפענע האַנט צום נעמען, און אויך אַז אָפענע האַנט צום געבן. עס געוועדט זיך נאָר — וואָס. אַז דו וועסט אַזא איינעם אונטערטראָגן א שבח, — וועט ער אים צונעמען, מיט פאַרוויטלטע בעקלעך, ווי א מיידל, און דיר צוריקגעבן, מיט באַדויער: „הלמאַי ער קאָן דיך נישט דערפרייען מיטן זעלבן...״ און ער גיט זיך נישט קיין רעכענונג, דער גיא־שוטה: אַז, אייגנטלעך, קאָן ער זיך דאָך מיט דיר באַגיין — אַקוראַט, ווי דו מיט אים; נעמלעך — זאָגן א ליגן.

יא) צייט און רוים איז — איינס. אַז דער טפּש שרייט צום חכם: „— לאָז מיך צורו! זעסט נישט — ווי איך האָב נישט קיין צייט, איך בין פאַרנומען?״, — דאַרף מען פאַרשטיין, אונטער זיינע רייד: אַז דער טפּש האָט נישט ק יי ן ר ו י ם (פאַר דער חכמה): מחמת ער איז פאַרנומען (פאַרלייגט) מיט זיין טיפּשות — פאַר וועלכן, נאַטירלעך, עס נעמט זיך נאָר אין אים קיין צייט (קיין רוים) נישט אויס!........ א,

---

א) א גאַסט אַף א ווייל, זעט אַף א מייל; נאָר — נ י ש ט פון דער נאָענט.

ב) נישט איינמאָל, איז דיין מיט־מענטש — דער לייוונט, אַף וועלכן דו מאָלסט דיינע אייגענע אויסדראַכטענישן.

ג) נישט איינמאָל, חלומט דער מענטש, מיט גליק: ווי ער פליט, אזוי ווי א פויגל, צו די רוימען. און ער גיט זיך נישט קיין רעכענונג: אז דאָס קומט נאָר — מחמת זיין באָדנלאָזיקייט.

ד) דער מענטש איז נישט, תמיד, ווי ער איז — אין זיינע פאָדערשט־פאַרפּוצטע אויפנאַם־סאַלאָנען. זוך אים צו דערקענען — אין די הינטערשטע גראָע צימערן פון זיין איך־וועלט; העט, ווייטער, ביז צו דער איך־קלאָאַקע.

ה) נישט איין „בחיר־היצירה" צייגט זיך אַרויס, מיט דער צייט, אַלס פּכיר־היצירה.

ו) איינער גלויבט — שטאַרק, הימל־שרייענד, פאַנאַטיש־דעמאָנסטראַטיוו, ווייל — ער גלויבט נישט.

ז) פאַראַן מענטשן, וואָס זענען עלטער אסאַך פון זייערע יאָרן. דאָס מוז זיין — יענער אומפערזענלעכער ש נ י ט מ ע נ ט ש: וואָס גייט, הכנעהדיק, אין די וועגן פון אבות־אבותים; און ער לעבט, דאַרום, אויסשליסלעך — נאָר ז יי ע ר לעבן אליין — ווייטער...

ח) זיך גוט אדורכרעדן (פאַרשטענדיקן) מיט זיך אליין, — ווערט נאָך אַלץ באַטראַכט, ווי — א ווילד־פאַרברעכעריש משוגעת.

איינער גייט אום און רעדט צו זיך אליין. דאָס רעדט זיך דורך איין טייל — א י ך מיטן צווייטן — א י ך; גערדאַנק־איך — מיט אימפּולס־איך; און פאַרקערט. דאָס שפּילט איינער טעאַטער; זוכט אריינציען דעם צווייטן — דעם צושויער פון פּובליקום — אין דער שפּיל.

ט) אז דו ווילסט ווימן: ווער דו ביסט, — טאָ נעם — אין דער זעלבער שטאָט, וואו דו וואוינסט: פאַרלאָז דיין גאַס, וואו מע קאָן דיך פאַרן נאָמען; גיי אוועק אַף א אנדער ווייטער ווילד־פרעמדער גאַס; ווער, מיט־איינמאָל — פריי פון דער היימישער סאָציאַלער שטייג, נאָמענלאָז; דאַן זאָלסטו זיך־איינהערן, מיט קאָפּ: וואָס דיין הארץ באַגערט.

י) נישט איינמאָל, פרעגסטו אַף א מענטשן; און דו באַקומסט נאָכאַנאַנד דעם ענטפער: „— ער איז נישטאָ אין דער היים". ביז, דו טרעפסט אים, ענדלעך, און דו זעסט איין אליין: אז ער איז, ווירקלעך, קיינמאָל — אינערגעץ, באַ זיך אין דער היים.

יא) אז די כוואַליע פון גליק, אדער אומגליק פאַרפּלייצט אינעם מענטשן זיינע טאָלן און די בערג — מיינט ער צו האָבן דערגרייכט די דער־

לייזונג — דורך פרייד, צי דורך פיין. ביז עס קומט אָן דער אַפּפּאַל; און ער אַנטדעקט, מיט שטוינען: אַז אַלץ אין אים איז אַף זיין אָרט, ווי געווען.

יב) באַם איבערגעזעטיקטן צעבושעוועטן אימפּולסיון דעגענעראַט איז — דאָס איבערגיין צו שטילקייט, פיינקייט, גוטס־טון וכדומה: בלויז דער דראַנג פון געשמדטן האַלז צו אַ נייער רייצנדער אַטראַקציע, ביז אַ צייט.

יג) נישט אַלע מאַטאָרן זענען גלייך. איינער, נעמט גלייך טומלען — פון אַ קרישקע קוילן. איינער, רירט זיך ערשט — באַם פאַרצערן אַ פולן טאָן.

יד) אַז איינער טיטולירט זיך — באַשיידענער פּאַסטוך פון דער טשע־רעדע, — שטעלט ער יעדן אין דער ריי פון אַ בלינדער טשערעדע.

טו) נישט איינמאָל, גייסטו אין גאַס — אין אַ פעסט־באַשטימטער ריכטונג, צו אַ קלאָרן ציל. נאָר, אומגעריכט, הויבסטו אויף דעם בליק; און דערזעסט פאַר זיך, איבער אַ געביידע: אַ גרויסן שטאָט־זייגער; ער גייט, אַ וודאי; נאָר — אָן ווייזערס... און דו בלייבסט פּלוצים שטיין געפּלעפּט, פאַר דער פראַגע: — זאָג, ברודער־מענטש — וואוהין גייסטו?!

טז) נישט אין וועלט־באַזאָרגער דערמאָנט אָן אַ. דיומאַס גלח: וועלכער האָט, אַ לעבן לאַנג, געדרשנט פאַר דער פּרעכטיקער עקזיסטענץ פון גאָט — כדי צו באַוואָרענען, נעבעך, זיין אייגענע באַשיידענע עקזיס־טענץ.

יז) עס ענדערט זיך דער באַנעם פון זאַכן — באַם שטיין, גיין, ליגן — ווען אַפילו מע איז וואַך; צי גאָר: ווען מע איז אַ וועלט־רייזנדער אי־בער דעם כדור־האָרץ; און דו פאַרפאָרסט, אַמאָל, אויס דיין געבורטס־היים — צום קעגנאיבערדיקן עק וועלט: וואו דו נעמסט, פּלוצים, אַרומגיין (אַזוי — אַ צייט לאַנג, אָן צו געבן זיך אַליין רעכענונג דערפון) — מ י ט ן ק אָ פּ א ר אָ פּ...

יח) כל הרודף אחר הכבוד, הכבוד בורח ממנו; כל הבורח מן הכבוד, הכבוד רודף אחריו. אַז דו זעסט איינעם זיך־יאָגן נאָך כבוד, — זאָל־סטו אים דאָס נישט פאַרוואַרפן; ווייל עס קאָן זיין, אַז ער מוז דאָס נעבעך טון — וויבאַלד אַז דער כבוד אַליין אַנטלויפט פון אים... זעסטו, ווידער, איינעם, אַנטלויפן פון כבוד, — דאַן דאַרפסטו אויך נישט נתפעל ווערן דערפון; ווייל עס קאָן זייער גריילעך זיין, אַז ער מאָג זיך פאַרגינען דעם אָנשטעל — וויבאַלד אַז דער כבוד אַליין יאָגט זיך נאָך אים.

יט) ווי מאָדנע דאָס לשון בני־אָדם פאַראַט אונז, זאָגט אוים פון חדר... „איך האָב מיר אַזוי שטאַרק גענומען צ ו ם ה א ר צ ן, — אַז איך בין געוואָרן — א ו י ס מ ע נ ט ש..." אַלזאָ, ווייסן מיר שוין: אַף וואָס אונזער מענטשלעך האַרץ איז קאַפּאַבל.

כ) ווען אין מענטשן שטאַרקט זיך א י ך ־ ג ע ד אַ נ ק — נעמט איך־

א י מ פ ו ל ס  ליידן פון שיפלות־קאמפלעקס...... דער שיפלות־אנ־שטעל, די עניוות, איז אפט אנגעזאפט מיט זעלבסט־ווערטיקן שטאלץ. די אנגרייפערישע גאווה איז תמיד דורכגעדרונגען מיטן שלעכט־פארשטעלטן שיפלות־געפיל.

כא) מענטשן ווערן שרעקלעך־ווייט פונאנאנדער: ווען זיי גייען ארויף איינער אפן אנדערן — געפערלעך־נאענט.

מענטשן ווערן שרעקלעך-ווייט פונאנאנדער: ווען זיי געפינען זיך — שרעקלעך־נאענט צו א געמיינזאמער מיאוסער אפטועניש.

כב) איבערצייגן יענעם איז — ז יי ע ר  לייכט. איבערצייגן  ז י ך — קומט שוין אן שווערלעך; אדער, עס איז כמעט — אוממעגלעך.

איינער צייגט אזוי לאנג איבער, מיט גלויבן און ברען, א וועלט מיט מענטשן, — ביז וואנען ער דערגייט, ענדלעך, דערצו: דאס ער אליין הערט אויף צו גלויבן אין זיינע רייד. דאס האט ער זיך אויסגעלעבט אויסגע־ברענט אינעם רעדן; נפשי יצאה בדברו; און זיין ווארט בלייבט אפגעריבן, לעבלאז, אימפאטענט.

כג) אין צייטן פון געטער־דעמערונג, פון וועלטן־אונטערגאנג — דער־זעט דער מענטש אזוי קלאר, אין דער בלוטיקער וויזיע פון  עבר הווה עתיד ארום אים: ווי ער איז — אייביק אליין. דער לעצטער מענטש. אפשר, דער ערשטער מענטש... דאן, באטראכט ער זיך גענוי, אינעם בלוט־שפיגל פון דער וועלט — דער איינציקער מענטש, וואס האט ווען עק־זיסטירט — פון אויבן ביז אראפ; און ער טראכט צו זיך, אפן קול: זאג, געפעלסט זיך?...

כד) אייביק לאקט די געשיכטע מיט יענעם „זעלטענעם" שיסער, וועל־כער האט, מיט זיין ביקס, אריינגעטראפן אין די קלענסטע רעדעלעך אפ דעם ציל-ברעט. ער האט, נעמלעך, געטון איין קלייניקייט: צוערשט, אפגעפייערט די קויל; דערנאך, דאס רעדל ארומגעקרייזט...... פונקט דאס זעלבע געשעט צו אלע „גרויסע" אריינטרעפער — אין דער געשיכטע. נ א ך  דער צופעליס־אפגעגליקטער אוואנטורע, (מע ווייסט אליין נישט — וויאזוי), — נעמט מען זיך פארפאסן „געניאל-טרעפלעך-היסטארישע פארויס־אגונגען..."

כה) איינער ווערט אפט — א קריטיקער: מחמת דער זעלבער סיבה, וואס האט באוואויגן א צווייטן, א דריטן — צו ווערן  א  מ ל מ ד, א  ש ד כ ן.  עס הייסט: אויס שלים־שלימזל...

ווי די קאמיקער זענען אליין, תמיד — די טרויעריקסטע, — אזוי זענען די קריטיקער — די בייזע וועכטער פון דער אומשטערבלעכקייט, — אליין, דאס רוב — די סאמע איינפאכע שטערבלעכע.

כו) דער מענטש איז קיינמאל נישט פאר יענעם — דאס, וואס ער איז; נאר דאס, וואס עס איז יענעם געגעבן געווארן פון אים צו זעען.

דערפאר, אז דו זוכסט א מענטשן צו דערקענען נעענטער — זאָלסטו נישט ארויפגיין אף אים אזוי הארט: ער זאָל זיך פארשטעלן מ י ט ז י ך פאר דיר. זאָלסטו זיך האלטן פון אים — וואָס ווייטער: וועסטו אים זעען אין דער שיין, אין דער קונסט־אילוזיע, אינעם דיספראז — אָט אזוי ווי דו באגערסט: א דערקענונג א חברשאפט א ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע; ווייל אנדערש איז די שיין, וואָס גייט אָן אָף דיר צו־נאָענט: זי פאר־בלענדט... איי — דער עצם מענטש אליין, וו אָ ס איז ער? צוואוואָס די פראגע? ווער־זשע ווייסט עס נישט — פון ז י ך א ל יי ן?...... פאראן אָבער א אנדערע אין דיר נאטור — א געצנדינערישע: זי מוז האָבן דעם אָפגאָט צו דער האנט — כדי אים אָנצוטאפן באם גראָבן פלייש; כדי אים צו צעשטערן.

כז) פאראן אזוינע, וואָס טוען אלדאָס מעגלעכע (און דאָס א ו מ מעג־לעכע), אום צו גרייכן די (פראָבלעמאטישע) — א ו מ שטערבלעכ־קייט; און, צו דער זעלבער צייט, זאָלן זיי ציטערן אימת־מות פאר דער (פאטאלער, אומויסמיידבארער) סאמע־געוויינלעכער — שטערבלעכקייט.

---

א) אינעם מענטשן גייט אָן תמיד א געראנגל צווישן געדאנק און אים־פולס. יעדער וויל רעדן — אין נאָמען פון מענטשן, זיך־שטעלן אין פאָדערגרונט, אין פאסאָן, זיך־פרעזענטירן: „— איך...”... די געזונטע דערציונג האָט די אויפגאבע: גיבן די מאכט אינעם מענטשן — דעם פאר־לעסלעכן געדאנק...... קומט אָבער די שלעכטע דערציונג און צעשטערט אלץ, מאכט אָן אינעם מענטשן א כאאָס. נישטאָ איבער אים קיין הארן. קיינער אין אים איז קיין באלעבאָס נישט. אלע קאָמאנדעווען, אלע שרייען: ווי אף א מארק; צי אף א שיף אָן א רודער...... נישט איינמאָל: שטארקט זיך דער געדאנק־איך — און ער פאריאָגט דעם אימפולס־שארלאטאן, מיט זיין אקטיאָרישער פראלעריי....... עס טרעפט אָבער אָפט: אז „גרויס־מוטיקער” אימפולס־איך מאכט פארשפרעכנס, פאר וועלכע דער פאָר־זיכטיקער געדאנק־איך איז לגמרי נישט־פאראנטוואָרטלעך: ווייל ער איז געווען — מיד, אָפּוועזנד, און ער הויבט גאָר נישט אָן צו וויסן פון עפעס!... ... ... דערפאר, אז דו רעדסט מיט א מענטשן, — גיב זיך רע־כענונג: ווער עס רעדט צו דיר? כלעסטאקאָוו־אימפולס, מיט זיין בילי־קער אקטיאָרשטשינע — צי רעוויזאָר־געדאנק...... איינמאָל: איז רעוויזאָר אָנגעקומען אף א פלאץ — מ י ט א יי ן ר ג ע, שפעטער, — און זע צו: וואָס כלעסטאקאָוו־לע האָט דאָרט אָנגעארבעט!

ב) אמאָל איז שווער צו געדענקען און דערפילן — אף דער וואָרער וואָר, א פארשפרעכן, וואָס מע האָט געגעבן — אין דער חלום־וואָר פון שי־כורן עקסטאז. גלייך, ווי עס וואָלט געגאָן אין צוויי באַזונדערע פערזאָנען.

ג) נפשי יצאָה בדברו. דער מענטש ברענט זיך אוים — אין זיין רעדן.

דערפאַר: אַז איינער מאַכט א פ יי ע ר ל ע כ ן פאַרשפּרעכן (דער אימפּולס), — זאָלסטו גאַרנישט אַנהויבן צו דערוואַרטן פון אים: ער זאָל ע ר ש ט ק ו מ ע ן האַלטן וואָרט, — אין דער צייט, וואָס ער האָט שוין זיין וואָרט פאַרברענט — באַם אַוועקלאָזן עס מיטן פייער........ בלויז ד ע ר, וועלכער האָט זיין פאַרשפּרעכן אָפּערגעבראַכט — א יי נ ג ע ה א ל ט ן (דער אינטעלעקט), — האָט געלאָזן זיין וואָרט — אויך אַף לעתיד לבוא. (ווייל: נאָר ד ע נ ק ע ן הייסט — געדענ-קען.)

---

א) זעלבסטמאָרד איז — מאָרד. נאָכדעם, ווי שכל־איך וואַקסט אויס און שטעלט אויף די דאַמבע פאַרן פינצטערן תהום, די וואַנט צווישן זיין און אומזין, — טרעט איין א רים אינעם מענטש־מהות; אימפּולס־איך הערשט נישט מער איבערן מענטשן אינגאַנצן, ווי ביז איצט; און ער איז גרייט צו דערמאָרדן די צווייטע פיינטלעכע טייל. זעלבסטמאָרד איז — מאָרד.

ב) ווייל מען פאַרשטייט דעם פּרוידיאַנישן כלל: „זעלבסטמאָרד איז — מאָרד, און פאַרקערט", — דאַן זאָל מען לייענען, עטוואָס אויפמערק-זאַם, דעם פינאַל פון אָסקאַר אוואיילדס ראָמאַן „דער פּאָרטרעט פון דאָריאַן גריי".

ג) תחת אשר לא עבדת את ה' אלוהיך בשמחה ובטוב לבב — איז איי-נער פון די שטאַרקסטע מאָטאָס אין שיטת החבד... חבד, פּונקט ווי פּרוידיאַניזם, וואָרענען קעגן עצבות: אַז דאָס איז — כ ל ו מ ר ש ט ע חרטה; כ ל ו מ ר ש ט ע מאָראַל; און, פּאַקטיש: איז דאָס — דער דראַנג פון אימפּולסיוון כאַאָס צו אונטערגאַנג...

ד) זעלבסטמאָרד איז — פאַרצווייפלטער מאָרד; האָט געלערנט פּרויד. ווען דער איך־אימפּולס נעמט זיך שפּירן — שלעכט, ענג, נישט־גאַנץ מער מיט זיין ממשלה איבערן מענטשן: צוליב דעם רים, וואָס עס ברענגט אַריין דער דערוואַכטער איך־אינטעלעקט, אין זיין עקספּאַנסיע, — דאַן ווערט ער גרייט, דער אימפּולס אינערהאַלב דעם מענטשן — צו דער-מאָרדן אומברענגען דעם אינטעלעקט! (און דאָס קומט צום אויסדרוק, דורך זעלבסטמאָרד.)........ גליקלעך איז איך־אימפּולס נאָר דאַן: ווען ער אַנטשלעפּט דעם אינטעלעקט; (א שטייגער, אין א שעה פון גענוס.) דאַן, דערשפּירט ער זיך באַניים — גאַנץ: ער שפּרייט אויס אומבאַגרעניצט זיין הערשאַפט; ממש, אָן א גבול; אויספלוס, אָן א ענד; אויספלוס, ביז אומקום; אָן א טייפלש־שכלדיקער דערוואַכונג מער, אָן א צוריקקער; אויספלוס — צום טויט, צום כאַאָס!...... אָבער דאָס — זעט איר, איז שוין: א גליקלעך־סאַדיסטיש-אידעאַליסטישער זעלבסטמאָרד — דער לוסט-מאָרד.

א) ביז פערציק, לעבט דער מענטש — אין שטייגנדן אָנגריף. געקומען צו די פערציק, דערגאַן צו דער באַריערע, — הויבט מען אָן דעם קאַמף — צו דערהאַלטן זיך אַף דער פּאָזיציע. אַזוי לאַנג — ביז דער איי־גענער אָרגאַניזם דערקלערט אַ רעוואָלוציאָנערן גענעראַל־שטרייק, — און די שלאַכט איז געענדיקט.

ב) בן ארבעים לבינה. בא די פערציק — דערגייט מען צום פּאַר־שטיין, צום בלייבן שטיין, צום ווערן פאַרשטיינט. אַזוי — פיזיש: פּאַלט שטאַרק דער שטאָף־וועקסל מיטן אַרום — דאָס אַריינגעמען אין זיך שפּייז און אָפּגעבן, די אויפנאַמע און דער קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט און מיט אירע שטאַרקע ענדערונגען; אַזוי — גייסטיק: פּאַלט שטאַרק דער שטאָף־וועקסל מיטן אַרום — דאָס אַריינגעמען אין זיך שפּייז (אי־דייען) און אָפּגעבן, די אויפנאַמע און דער קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדי־קער וועלט און מיט אירע עוואָלוציעס און רעוואָלוציעס. מע ווערט אַלץ — אָפּגעשטיינערטער, גענוגענדער פאַר זיך אַליין. פּערפעקט. קאָנסער־וואַטיוו. מע לעבט — איינגעשלאָסן אין זיך: ווי דער עמבריאָן בבטן אמו — בלינד פיינטלעך מיזאַנטראָפּיש צו דער וועלט און צום לעבן; סטאַטיש־פאַרשטיינט, ווי די טעזע אַלציינס. מע לעבט נישט מער מיטן לעבן. מע לעבט, גיכער — מיטן אַמאָל: וואָס מע האָט איינגעזאַמלט און פאַרגרייט, אין דער יוגנט. מע לעבט פונעם גרייטן. מע לעבט אינעם אַמאָל. מע לעבט נישט — היינט. מע ווערט, היינט — דעגענערירט, טויט: אַזוי, מיטן חומר; אַזוי, מיטן גייסט....... בלויז די יוגנט, אין איר וואוקס־עפּאָכע: ווען זי קריכט, ענדלעך, אַרויס פון איר מיזאַנטראָפּישער קינדהייט און זי נעמט זיך ענדערן שטאַרק, שנעל, נאָכאַנאַנד — אַדאַנק איר קאָנ־טאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט, — אַדאַנק איר אַבסאָרבירן אַזויפיל ליכט, שפּייז, אידייען, — אַדאַנק איר געפינען זיך, תמיד — מ ח ו ץ פ ו ן ז י ך — פ ו ן א י י ן פ אָ ר ע ם, — אַדאַנק איר זוכן און באַ־קומען אַלץ נייערע פאָרמען, אַלץ נייערע לבושים־דיספּראַזן — צו א י ר טעאַטער־שפּיל, צו ו ע ל ט ס ־ טעאַטער־מאַרש, — אַדאַנק איר שי־טערן־אויפנעמען אַזאַ שלל ליכט און גאָלד־עפעקטן פון וועלטס הימלישע קונסט־קופּאָלן, — אַדאַנק איר אויפטרעטן — אַזוי ראַש־אַקטיאָריש־עקס־היביציאָניסטיש און מיט געבּערלעכן לאַמפּן־פיבער — אַף דער אוניווער־סאַלער וועלט־בינע: באַנאַנד מיט דער יונגער ליבע־שוישפּילערן — דער וועלט־פרוי, — אָ ט אַ ד אַ נ ק וועלכן — די יוגנט איז עס, אַזוי רע־וואָלוציאָנער, באַרייט: צו ענדערן די וועלט און אירע זיילן; נידערצו־שליידערן אירע אייביקע הערשער; אַליין זיך קרוינען — אַף אַלעמענס אָרט — ווי דער איינציקער רעוואָלוציאָנערער וועלט־אַקטיאָר!........ אַזוי לאַנג, — ביז עס נעמט פאַרגיין זיין רויש, זיין שיכרות, זיין טאַלאַנט. און ער נעמט אַליין אָפּגיין פון דער בינע, פון דער וועלט, פון דעם לעבן. ער

**א)** דינער אייביקער גערangel צווישן — מיטל און ציל. עס מיינט: ווען מיטל נעמט זיך אַליין באַטראַכטן פאַר אַ ציל, און דעם ריכטיקן ציל — בלויז פאַר אַ מיטל........ דאָס זעט מען: באַם לערער, און קינד. עס איז קלאָר: אַז דער לערער איז דאָס מיטל פאַרן ציל פון קינדס דערציִונג. אָבער דער לערער, אין זיין אינטימיטעט, דענקט דאָס פאַרקערטע: אַז דער ציל איז — זיין אייגענע עקזיסטענץ. און דאָס קינד איז — בלויז אַ מיטל דערפאַר........ דאָס זעלבע איז צו זעען: באַם מעדיקער, און קראַנקן; באַ גאָט, און דעם גייסטלעכן. אפילו באַ דער שפּראַך: וועלכע איז געוואָרן, מיט דער צייט — אַ ציל אַן־און־פאַר־זיך; אַ ספּעציעלער זעלבסטשטענדיקער קעגנשטאַנד: שפּראַכפאָרשונג........ און דעם אייגענעם פּראָצעס וועט מען אָבסערווירן — באַ דער מיליטער־קאַסטע. זי איז געוואָרן פאַרלייגנט: ווי אַ מיטל פאַרן ציל — צו באַשיצן דאָס לעבן פון אַ פאָלק פון צעשטערונג. אָט דאָס איז — איר עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. דאַקעגן, זי אַליין באַטראַכט די באַשיצונג פונעם פאָלק: ווי אַ מיטל — פאַרן ציל פון איר אייגענער עקזיסטענץ... אָבער, מיט דער צייט, פאַרגייט די מיליטער־קאַסטע נאָך ווייטער. אָנשטאָט צו באַטראַכטן די צעשטערונג פון אַ דראָענדן שונא — ווי אַ מיטל פאַרן ציל: צו באַשיצן דאָס אייגענע פאָלק, — נעמט די קאַסטע באַטראַכטן די צעשטערונג — ווי אַ ציל אַן־און־פאַר־זיך. זי ווערט, נעמלעך, באַהערשט פון דעם „פּרעכטיקן מאַיעסטעטישן קונסט־בילד" פון צעשטערונג. עס פאַרכאַפּט איר. עס ווערט — איר אייגציקער ציל: די מאַסן־שטרעבונג צו צעשטערונג. זי קאָן שוין נישט אויסקומען, נישט איינרוען — אָן דער צעשטערונג. זי ווערט בלינד באַצוואונגען פון דעם אומווידערשטייטלעכן דראַנג: צו צעשטערן — לשם צעשטערן. (קונסט — לשם קונסט.) זי האָט דערפון הנאה. זי לעבט אויף, דערביי. און איטלעכע ניי־דערפונדענע כלי־משחית — איז: וואָס טייפלשער און מחבלדיקער זי איז, (און אַפילו, ווען זי איז דערפונדן געוואָרן דורכן שונא — שאַדט נישט...), — אַלצמער פרייד און גליק פאַרשאַפט זי איר — דער מיליטער־קאַסטע: וועלכע האָט זיך געפונען; אָ, וועלכע האָט דערוואַכט פון איר שמאַך און איז איז פאַריונגערט געוואָרן — אין דעם אייביקפינצטערן דראַנג פון דער אימפּולסיווער מאַסע צו צעשטערונג־אַן־און־פאַר־זיך, צו אַלצמער־פּערפעקטערער פאַרניכטונג און אויסראָטונג — פאַר עקסעלאַנס!... אַזוי וויל זי לעבן בלייבן און זיך־דערהאַלטן, די מיליטער־קאַסטע: מאַכן איר לעבן — פון צעשטערונג........ אָ, דער אייביקער געראַנגל, אַף לעבן און טויט: צווישן ציל, און מיטל; צווישן מיטל, און ציל — פאַרן לעבן. דאָס הייסט: ווייל איטלעכער וויל — אַף זיין שטייגער — לעבן...

**א)** **דער כוח פונעם שוואכן באשטייט — אין זיין שוואכקייט. דארום: זאָל ער אויפהערן צו זיין שוואך, — און ער וועט, במילא, אויפהערן צו זיין שטארק.**

**ב)** מע דערציילט, אלס קוריאָז: אַז אין די הויפן פון די פּארציייטישע מלכים איז געווען איינגעפירט: אַז דעם קרוינפּרינץ־דעם־קינד האָט שטענדיק באגלייט — אַן אָרעם קינד פון פאָלק; און, אויב דער פּרינץ האָט זיך מיט עפּעס פארזינדיקט, — אזוי האָט מען גלייך באשטראָפט —דאָס אָרעמע קינד: כדי אַז די גערעכטיקייט זאָל זיך האָבן איינגעמאָנט א י ר ם; און די וועלט זאָל איר נישט בלייבן שולדיק קיין חוב........ איז די זאַך קשה: — וואו איז דאָ דער קוריאָז?! דוכט: אַז, זינט וועלט איז וועלט, מקדמונים-אַן עד היום, איז אזוי אָנגענומען אומעטום: אַז דעם שטארקן באגלייט תמיד דער שוואכער; און, באלד ווי דער ערשטער באַ־גייט אַ זינד, — אזוי באשטראָפט מען גלייך־אומפּארזאָמט — דעם צווייטן: כדי אַז די גערעכטיקייט פונעם לעבן זאָל זיך האָבן אָפּגעמאָנט פול — אירם; אַז די וועלט זאָל איר, חלילה, נישט בלייבן שולדיק קיין חוב...

---

**א)** מיר לעבן אין אַ צייט פון וואונדער, ווען דער מענטש איז געוואָרן — אַ אינו־נראה: וואו זעט מען, היינט, בכלל, אַ מענטשן?

**ב)** פאַראַן „באוואוסטזיניקע" ענטוזיאסטישע קעמפער פאַר אַ נייער וועלט, וועלכע באַגייען פאַרשיווע געמיינהייטן, אונטער דעם גראַ־ציעזן אויסרייד: צו באשטעטיקן — אַז די אַלטע מיאוסע וועלט קאָן פאַר־דארבן אַפילו דעם איידלסטן מאַן אויף דער ערד.

**ג)** דאָס זעלבע איז חל, בא אידן — לגבי אסאַך אנטיגלותניקעס.

**ד)** אינטערפּרעטאציעס וועגן דעם, וואָס מע רופט אָן — דער ערשטער חטא. לויט דער ביבל: אָדם הראשון און חוה עסן פון עץ-הדעת, און זיי ווערן, איבער דעם, ארויסגעטריבן פון גן־עדן. און די גאַנצע ווייטערדיקע אַרבעט פון דער נאָכקומענדער מענטשהייט באַ־שטייט אין דער אויפגאַבע: רעכט־צו־מאַכן דעם שאָדן, וואָס דער חטא האָט געבראַכט, אום צו קענען, דערנאָך, צוריקקערן אין גן־עדן.

לויט דער לערע פון היסטאָרישן מאַטע־ריאַליזם: אין אַ געוויסן אומגליקלעכן מאָמענט פאַר דער סאָציאַלער מענטשהייט, האָט דער פּרעהיסטאָרישער מענטש צעשטערט די קאָמונאַלע גלייכהייט פון דער ערשטער לאָגיש-מאָראַלישער יושרדיק-אינטעלעקטוע־לער מענטשלעכער אסאָציאַציע און אריינגעבראַכט אין איר מיט — די אימפּולסיווע אומגלייכהייט; (זע גענויער — אין מיין בוך „פּראָפעסאָר גאָט און פּראָפעסאָר אידיאָט", זייט 28). און דער גאַנצער זין פון דער ווייטערדיקער וועלט-געשיכטע איז: גוטצומאַכן און פאַריכטן דעם באַגאַנ־גענעם פעלער און אויפבויען דעם ווויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

ה) אידן זענען — א אַלט־בחוריש פאָלק; אַן אַלטער וועלט־בחור. און מעטום — דער הויז־פריינט, וועלכער דרייט אַ צרות. נו, איז א רבותא, וואָס מע טרייבט אים דורך?
ו) עס גייט די צייט פון גרויסע דערגרייכונגען — די תקופה פון דער באַמבע. אין מענטשן אויסגעטרוקנטע־פארשרפהטע צעעפענען זיך פלוצים גאַנצע קוואַלן און זיי נעמען וויינען ווי ביבערס — נאָכדעם ווי מע וואַרפט אף זיי א טרערן־באַמבע. דארום, איז צו האָפן: אַז, אינגיכן, וועט קומען די ריי אף א געפילן־באַמבע — פאַר מענטשן, לחלומין אַן געפילן; אף א אידעאַלן־באַמבע — פאַר מענטשן טויטע, אַן אידעאַלן; און אף א זונענשטיך־באַמבע — פאַר מענטשן טעמפּע און בלינדע, לגמרי אַן שטראַלן. א, צו זיי וועט מיטיינמאָל געשעען די גרויסע נבואה פונעם נביא: העם ההולכים בחושך, ראו אור גדול....... אָבער, אפילו ווען די אַלע אויבנגעבראַכטע באַמבעס וועלן נישט געבן דעם געוואונטשענעם רע־זולטאַט; און דער מענטש, דער טיפּלשער ציניקער פון היינטיקער צייט, וועט בלייבן קאַלט־לעבלאָז און בלינד, ווי געווען, — איז אויך נישט צום פאַרצווייפלען, ברודער. דאַן בלייבט נאָך אַלץ א האָפענונג — די לעצטע, אמת, אָבער די זיכערסטע — די אטאָמישע באַמבע. אָ, זי וועט שוין פאַר־געווים דעם מענטשעלע אונזערן דעם בלינד־קאַלטן אַדורכנעמען, דערוואַ־רעמען און באַלויכטן; ממש, אין א העל־בלענדנדער היץ אריינשלאָגן. אם כן, צוואוואָס — די מוט־אַנטפאַלונג?

## דער מענטש, דער מענטש, דער מענטש.

א) דער מענטש, ווי א ביאָלאָגישער מהות, איז — א קאָמפּלעקס פון אומצייליקע תפיסות. (צעלן, קעמערלעך.)
ב) דער מענטש־פּלאַנעט וואַקלט זיך, תמיד, צווישן זיינע פּאָליוסן צווייי פון מאַרך און האַרץ.
ג) דער סטיל איז דער מענטש. און אויך דער סטיללאָזער סטיל איז דער מענטש.
ד) הדגש הוא האָדם. דער טראָפּ איז דער מענטש. אַנטראָפּאָ. אף וואָס איינער שטעלט דעם טראָפּ.
ה) דער מענטש — מיט זיין קאַלטן מאַרך און פלאַמיק האַרץ — וואַרצלט אין די אור־אַלטע נאַטור־פּעריאָדן פון אייז און היץ. די אייז־און־היץ־עפּאָכן אינעם מענטשן, קאַלטער צפון און היציקע פליינען, דאָס זע־נען — די העגעמאָניעס פון געדאַנק און אימפּולס.
ו) אָביעקטיוו איז — פּאַטענט. סוביעקטיוו — אימפּאַטענט.
ז) צום מענטשנס גייסטיקער קאָנסטיטוציע געשעט דאָס זעלבע, וואָס צו זיין פיזישער — אין זייער פּעריאָד פון וואַקסן: יעדע פון זיי, סוים

באַקומט זי נישט די געהעריקע און גענוגנדע נאַרונג, — אַזוי וואַקסט זי אויס — אַ קריפּל, אַ מאָנסטער, אַן אומגליק.

ח) יעדער האָט די אויפגאַבע — אין זיין קינדהייט און יוגנט: צו עדי־פיקירן זיין גייסטיקע קאָנסטיטוציע, אַזוי גוט ווי זיין פיזישע. דאַן זוכט-זיך ־ צ ו איטלעכער ד אָ ס, וואָס אים פעלט... נישט איינער פון אונז, אַלס קינד — פּרעסט זיך אַן מיט זייף, גריזשעט ליים פון די ווענט: ווי ער זאָל קנעטן ציגל צום אייגענעם געבוי... דאַסגלייכן געשעט מיטן גייסט. מיר טוען אויפזאַמלען בוי־מאַטעריאַלן אַלערליי: אָנבאַגעגנ־טע ביכער, מענטשן, אידייען; אַ, נישט איינמאָל — גראָד נישט דאָס, וואָס מע דאַרף.

ט) זיך־איבערלאָדן — אומפאַרדייעטערייט, ביז מאָגן-פאַרשטאָפּונג — ——מיט ביכער, מיט גרוילן, מיט פרייד, — איז: פונקט ווי מע וואָלט איינגעשפּאַנט אין דעם רייזע־וואָגן — צוליבן גרויסן געאייל, צו וועלן אָנ־יאָגן וו אָ ס ש נ ע ל ע ר — אַזויפיל פערד, — וויפל עס פאַרנעמט דער גאַנצער וועג. אָבער, דער פּועל-יוצא וועט זיין: — מע וועט זיך נישט קענען רירן פונעם אָרט.... די כלים פון מענטשנס חומר און רוח האָבן אַ גבול. זיי נעמען אויף — מיט אַ מאָס: וויפל עס סטייעט פאַר זיי, עס איז גענוג; און פונעם רעשט זאָגן זיי זיך — מאָמענטאַן, ביז נאָכן פאַרדייען דאָס אָקאָרשט אויפגענומענע, — קאַטעגאָריש אָפּ צו וויסן — גלייך עס וואָלט נישט עקזיסטירט!... קוים וויל מען אָבער אַרויפצווינגען אויף זיי — אַן איבערמאָס, מיט געוואַלט, — דאַן וועט מען זיי דערפירן בלויז צו — שבירת-הכלים...

י) דעם מענטשנס בענקשאַפט, זיין טרוים, זיין ג יי ס ט י ק ע ר הונ־גער דאַרפן, (פונקט ווי זיין פ י ז י ש ע ר הונגער,) ווערן, פון צייט צו צייט, געשטילט — ד ו ר ך ד ע ר נ ע ר ו נ ג און א י ן אַ מ אָ ס; דאָס הייסט: אין די ראַמען און לויט דער אויפנאַמס-מעג־לעכקייט פון די כלים, וואָס יעדער איינער פאַרמאָגט. (פאַרדייונג.) בלויז די דערנערונג, א ו ן א י ן א מ אָ ס, (אַלציינס — די פיזישע, צי די גייסטיקע,) דאָס הייסט, דער שטאָף-וועקסל — איז די ערבות: פאַרן וואוקס, אַנטוויקלונג, דערהאַלטונג — פאַרן לעבן. דאָס זאָל אינזי־נען-האָבן יעדער: אַ וודאי — ד ע ר, וואָס בענקט און טרוימט — נאָך באַפרידיקונג; סיי יענער: וועלכער בענקט — נאָך דער אייביקער בענק־שאַפט אַליין; און ער טרוימט — נאָך דעם אייביקן אומפאַרגענגלעכן טרוים; דאָס הייסט: באַ וועמען די בענקשאַפט אַליין און דער טרוים זע־נען — אַ ציל אַן־און-פאַר-זיך; זיין העכסטער, איינציקער אידעאַל! זאָל מען וויסן זיין: אַז נאָר די אָפּוועקסלונג, יעדעס מאָל, פונעם שטאָף — איז אומשטאַנד צו דערהאַלטן די בענקשאַפט, דעם טרוים, עס הייסט, דעם גייסטיקן הונגער — באַ אַ יונג פולסירנד קרעפטיק און פריש לעבן: באַ

וועלכן יעדער שטאָף-וועקסל איז — בלויז אַ פּאַזע צום שטייגן נאָך העכער — איבערן אומענדלעכן לייטער פון מענטשנס אידעאַל! ווייל: גלייך, נאָך יעדער באַפרידיקונג, — קערט צוריק די בענקשאַפט, דער טרוים, דער הונגער — צו עטוואָס נייס, אומבאַקאַנטס, רעטזעלהאַפטס — מיט אַזאַ שאַרף־רייצנדער קראַפט, ווי קיינמאָל! דאַקעגן — די אייביקע אומבאַפרידיקטע בענקשאַפט, טרוים, גייסטיקער הונגער — (כלומרשט: כדי אויפצוהאַלטן דעם אידעאַל פון אייביקן עקסטאַז...) — ברעננגען פאַרן מענטשן (פונקט, ווי דער לאַנג-אומבאַפרידיקטער פ י ז י ש ע ר הונגער) — אַקוראַט דאָס פאַרקערטע דערפון, צו וועלכן ער האָט געשטרעבט: — זיי לאָזן אים — אַטראָפירט, איינגעדאַרט, איינגעשרומפּן, אימפּאָטענט — א יי ב י ק ט ו י ט!...... אָבער: פונקט דאָס זעלבע (דאַרף מען וויסן) געשעט — באַ סופער־באַפרידיקונג — איבער יעדער מאָס: ווייל זי דערלאָזט נישט — די פאַרדייונג, דאָס הייסט, די שטאָף-אַפּוועקסלונג. במילא: מוז קומען, אומפאַרמיידלעך, דער זעלביקער רעזולטאַט, ווי באַם א ייביקן ה ו נ ג ע ר. זיי געבערן ביידע — דעם אייביקן טויט.

יא) דער מענטשנס א י ך בויעט זיך אויף — פון אַלץ, וואָס זיין אויג פאַרנעמט פונעם אַרום און פאַרפלאַנצט עס, עס זאָל וואַקסן: הימל און ערד, באַרג און טאָל, יבשה און ים, טאָג און נאַכט, פריינט און פיינט; אַלדאָס, וואָס געשעט, וואָס לעבט. אַזוי אַרום, וואַקסט ער, דעם מענטשנס א י ך, ווערט פאַרפולט......... ביז — עס קומט אונטער טויט, צעשיידונג, פאַרוויסטונג, גלות; און נעמט אַוועק פריינט, אָדער פיינט; דעם היימישן הימל; די אייגענע ליבע ערד... און דעם מענטשנס א י ך פילט: ווי מע טויט אין אים זיין לעבן; מע רייסט אַוועק פון אים זיינע זיילן; מע פלינדערט אים אויס, ביז לעצט. בלויז אַ מענטש-חורבה — אַ מצבה גייט אום, אַף זיין אָרט.

יב) דער מענטש, אָפט, באַגראָבט ז י ך א ל יי ן — אין זיך אַליין. דערנאָך, אַ לעבן לאַנג, גייט מען צו זיך אַליין — אַפן הייליקן אָרט, אַפן קבר: אַ מצבה שטעלן, לאָזן אַ טרער.

יג) כאַראַקטער, ווילן הויבט אָן פון זאָגן — ניין.

יד) מיטן מענטשנס כאַראַקטער, מיט זיין ווילן, הויבט זיך אָן די קולטור-געשיכטע. קולטור, דאָס איז — כאַראַקטער.

טו) דער רואיקער כאַראַקטער צייכנט זיך בולט — אַפן פּאָן פון שטורעם. דער שטורמישער כאַראַקטער — אַפן פּאָן פון רו... דער רואיקער כאַראַקטער נעמט אַלץ אויף —- רואיק; און באַזונדערס — דעם גרויסן שטורעם: אין וועמעס געברום ער הערט אַרויס — די אייביקע טיפע רו. דער שטורמישער כאַראַקטער רעאַגירט אַף אַלץ — שטורמיש; און באַזונדערס — אַף רו: אין וועמעס אימהדיק שווייגן ער הערט אַרויס — דעם אייביקן טיפן געברום...... אָט די ביידע כאַראַקטערן אַליין צייכענען

זיך בולט — ווי שטורעם און רו: יעדער איינער — אפן פונעם אנדערן.

**טז)** דער מענטש איז — א שעפעריש בילד. די ארומיקע סביבה איז די ר ע ם, וואס דארף מאכן דאס בילד — אנזעעוודיק און בולט. נאר, דאס גאנצע לעבן גייט אוועק אפן געראנגל צווישן בילד און רעם — ווער וועמען עס וועט אויפפרעסן. אמאל — זיגט די רעם, די סאציאלע סביבה, די תפיסה; זי פארפלייצט דאס בילד, ווישט אפ די גאנצע צורה — און עס פארשווונדט דער מענטש: א רעמל רעדט און האנדלט, אף זיין ארט; ווייל ער אליין איז שוין לאנג נישטא... אמאל אבער — זיגט דער מענטש; און ער טאנצט ארויס פון דער רעם; נעמט לויפן, ווי א נאקעטער, איבער די גאסן. ער ווערט נישט אנערקענט פון קיינעם; ער ווערט פאר־שטויסן, פארגעסן; אדער גאר — פארשפארט אין א משוגעים־הויז...... מ י ט דער רעם, איז נישט גוט. אן דער רעם — איז נאך ערגער... בלייבט דאס איינציקע: זיך האלטן אין דער גאלדענער מיט. אינערהאלב דער רעם, אמת; אבער — האלטן אף איר אן אויג; זי נישט לאזן אריינקריכן צופיל אין די געדערים; איר דערמאנען, תמיד — ווער זי איז, און אין וואס עס באשטייט איר ראל... און אז עס קומט די צייט — און די רעם, די סא־ציאלע סביבה ווערט אלט צעפוילט, זי דינט ניט מער, — דאן, איז מען אויך ניט מחויב — אליין ארויסטאנצן פון די האלאבליעס, קערן וועלטן. נאר, צוזאמען מיט אנדערע בילדער, מ י ט ן מ א ס ן ־ ב י ל ד — ארויס פון די קייטן, פון דער פוילעניש; גיין שאפן א נייע סביבה — א נייע ווירדיקע רעם פארן פרייען מענטשן־געשטאלט...... אלזא: אן א רעם — טויג קיינמאל נישט. נישט — ביחידות; א ווראי נישט — בציבור. אן א רעם, דאס איז — אנארכיע, הפקרות; דראנג צו וואנזין, צו אומקום.

---

**א)** אדם מועד לעולם, בין ער בין ישן: דער מענטש איז שטענדיק שול־דיק א חוב דער וועלט... אדם מועד לעולם: דער מענטש איז — אייביקער רעבעל.

**ב)** דער ק ע נ י ג ליר איז — דער מ ע נ ט ש ליר.

**ג)** נישט איינמאל: ווארפט דאס לעבן — אזויווי יענע קרא — איין שטיין נאכן אנדערן, אין דיינע קרוגן און ברונעמער: כדי ארויפצו־שלאגן אין דיר, (צייט פון טריקעניש, פון סמאליעדיקן דורשט,) און מאכן אריבערשטראמען די טיפע קוואלן דיינע — פאר דער לעכצנדער וועלט.

**ד)** ד ע ר ז ע ע ן מיינט — האבן א יי נ ז ע ע ן.

**ה)** מענטש הויבט אן דארט, וואו — פארלעגנהייט.

**ו)** מער, וויפל מיר טוען פארן נצרך — טוט יענער פאר אונז: מיטדער־מיט, וואס ער פארשאפט אונז די פרייד פון העלפן.

**ז)** לעיני כל ישראל — זה גמר כל התורה כולה... (דער מינסקער ענוו.)

**ח)** דעם שונא — אן פרינציפן, — זאלסטו אויך אזוי שלאגן — אן

פרינציפּן: טאַקע, אין שרש — פון דיין אייגענעם נ ע ר ע כ ם ; פ ר י נ צ י פּ. און ווי עס האָבן געלערנט די חכמים: מניה וביה אבא ניזיל ביה נרגא.

ט) מוטב שיהא אָדם רשע כל ימיו, ואל יהא שוטה שעה אחת לפני הבריות.

י) אַ סאָציאַלן מיטגליד פון אַ ישוב ווערסטו גלייך דערקענען — אין זיין ישוב-הדעת.

יא) פלאַנץ נישט דיין וויסן אין די הערצער פון די טיפּשים. נישט פאַר זיי — ווייס — איז דיין פאַרזיי.

יב) כל המתפלל על חברו, הוא נענה תחילה: ווערט ער פריער ג ע-פּ יי נ י ק ט.

יג) די רעזיסטענץ באַקומט איר כוח — פון דעם שטרעבן צו רעזיסטענץ גופא. פונקט, ווי די אוממעכטיקייט ציט איר יניקה — פון דעם אייגענעם דראַנג צו אונטערגאַנג.

יד) נחת — נחות־דרגא: פרייד דעגראַדירט. נאָר דעם מענטשנס ליידנ־שאַפט. אפילו די ליידן דערפון — וואָס מע ליידט נישט.

טו) דער מענטש איז נישט געבוירן געוואָרן צו זיין גליקלעך. זיין גליק באַשטייט — אין זיין אומגליק: אין זיין דורשט, זיין הונגער: וועלכע זענען דער רייץ, די ערבות — פאַר זיין אייביקן דראַנג צום פאָרשן, צום וויסן, צום אַנטפּלעקן די וועלט — אין זיך, און זיך — אין דער וועלט. דאַקעגן, זיין גליק — ז יי ן ז ע ט, — איז — זיין גרעסט אומ־גליק: וואָס מאַכט פון אים — אַ קאַדאַווער פון זיין לעבן.

טז) דער מענטש, אין ז יי נ ע א יי ג ע נ ע מ י נ ע ן, מוז אַליין זיין — דער שווארצער אַרבעטער, וואָס גראָבט אין זיך און דאָבי־וועט. דאָ גילטן נישט די שטיק פון עקספּלואַטירן אַנדערע.

יז) פאַראַן מענטשן, וואָס זענען גליקלעך. פאַראַן מענטשן, וועלכע זע־נען — דאָס גליק אַליין. זיי זענען, אָפט — זייער אומגליקלעך — בעת זיי טיילן דאָס גליק צו די שיקערע ליידנשאַפטלעכע געניסער. זיי זענען דאַן — אַזוי שווער עלנט פאַרלאָזן פון דער גאַנצער וועלט! ווער טראַכט דען פ ו ן ז יי ?!

יח) דו נעם דעם דורכלויכטנדן קרישטאַל און פּולווערייזיר (צעשטויב) אים, — און דער זעלבער חומר הערט אויף צו זיין ד אָ ס פון פריער. ער ווערט — אומדורכלויכטנד; אַקוראַט, ווי דער אויפשוים פון אַ לויטערער פליסיקייט... נאָר, פונקט פאַרקערט איז — דער גאַנצער מענטש. דו ברעך און צעשטויב זיין חומר, — און ערשט דאַן נעמט אויפגיין פון אים אַ ליכט — אַזוי העל, ווי קיינמאָל.

יט) ב אַ ג נ אַ ד י ק ו נ ג. גאָט קאָן מוחל זיין דעם בעל־תשובה און, דאַדורך, נישט-שעדיקן די אַלע איינגעשטעלטע הימלישע יעראַרכיעס

פון — מצוות און עבדות: ווייל זיי, די לעצטע, זענען בלויז — פאַרמען, לבושים צו גאָטס גייסט אין זיי, זייער אָטעם; איז, ווען ער איז מוחל, — בלייבן זיי — אומבאַרירט. און ווידער: זענען מצוות (און זייער פאַר־לעצונג — די עברות) געשאַפן געוואָרן — צוליבן מענטשן, און נישט דער מענטש — צוליב זיי. דער עיקר איז — דער ציל. דער ציל איז — דער מענטש. דער הויפּט-ציל איז — גאָט. און די מצוות זענען בלויז — די טרעפּ; דער אָנגענומענער וועג, וואָס פירט בהדרגהדיק צום ציל... שוין ד ע ר ח ו ט א, וואָס איז אַראָפּ פונעם גלייכן איינגעטראָטענעם וועג, — האָט געזוכט צו גרייכן צום — מלך שפורץ גדר. איצט, ווען ער, דער בעל-תשובה, פאַרלייגט זיך; ער מיידט אויס אַלע לבושים, אַלע מחיצות; ער שניידט, מיט ליידנשאַפט און ברען, זיין נייעם שנעלן וועג (צילט, אַפּעלירט) צו גאָט דירעקט, — אַזוי נעמען איינפאַלן פאַר אים, מיטיינ־מאָל, אַלע גדרים, אַלע שטערן; ער דערגרייכט זיין ציל; און נאָכמער: ער האָט פאַרלייגט מיט זיך — אַ נייעם וועג; ער האָט געשאַפן — נייע מצוות, נייע פאָרמען און לבושים — פ אַ ר י ע ד ן — וויאַזוי אָנצוקומען צום הויפּט-ציל; גרייכן צו גאָט. דאָס

זעלבע איז — מיטן חוטא און בעל־תשובה, אינעם שטאַט: ווועלכער האָט פאַרלעצט די איינגעשטעלטע יעראַרכיעס; נאָר ווענען די אינסטיטוציע פון דער מלוכה — דאָס מלכות, די פּרעזידענץ — באַגנאַדיקט.

כ) ווען מע וויל אַלץ פאַר זיך — סטייעט קיינמאָל נישט געגוג; און מע בלייבט תמיד אָרעם, ווי געווען. דאַקעגן, ווען מע איז גרייט — זיך צו געבן דער וועלט, — נעמט זיך גאָר קיינמאָל דאָס גוטס נישט אויס.

כא) ווען איינער זאָרגט — פאַר זיך אַליין, — סטייעט אים נישט, קיינמאָל, קיין כוח געגוג. נאָר, ווען ער זאָרגט — פאַר אַ וועלט אַ גאַנצער, — דאַן נעמען זיך גאָר בא אים זיינע כוחות קיינמאָל ניט אויס. דאָס קומט דערפאַר: ווייל דאַמאָלס, — שלאָגט צו־אים-צו — די קראַפט פ ו ן ד ע ר וו ע ל ט! און זי איז — אומבדערשעפּבאַר.

כב) $1 + 1 = 2$ איז, פאַר אַלעם — אַ הומאַניטאַר-סאָציאַלע דערייַ־געניש פון פּרימיטיוון פּרע-היסטאָרישן מענטש: ווועלכער האָט אַנט־דעקט די הילף פונעם מיטמענטש און, אַזויאַרום, פאַרלייגט די ערשטע מענטש־אַסאָציאַציע.

כג) וואויל איז צו דעם, וואָס איז, אַלע יאָרן, אַ מענטש. זאָל זיין — בא יענעם; נאָר — אַ מענטש זאָל מען זיין! און מאָג דער האַר זיך-רימען פרעגן: „— נו, און אַז איך בין קיינמאָל קיין „מענטש" נישט גע־ווען — לעב איך נישט אויף דער וועלט?", — זאָלסטו אים אויסהערן, און גלויבן — לחצאין: אַז ער איז, ווירקלעך, קיינמאָל קיין מענטש נישט גע־ווען. נאָר — צי לעבט ער? עך, וואָס ווייסן גראָבע פּרעכע נפשות צו זאָגן פון אַ לעבן?!

**כד) ווענן עקערמאַנען ווערט געזאָגט: אַז ער האָט געטון פאַר געטען מער, ווי געטע אַליין. געטע האָט נישט געקאָנט נעמען אַלע אידייען,**
וואָס זענען אויפגעקומען אין אים, און זיי אָנטון קינסטלעריש אין בלוט און פלייש: נישט געסטייעט איין מענטשלעך לעבן דערפאַר. ער האָט אַפילו נישט געקאָנט באַווייזן נאָכצופאָלגן דעם אומויפהערלעכן אידייען־אויפ־שטראָם אין אים... איז געקומען עקערמאַן און געזאַמלט די זריעה, די אידייען — אַז עס זאָלן זיי אַנטוויקלען אַנדערע. מיט איין קערנדל געניגט אָפּלעבן — אַ לעבן לאַנג; אויסכאַוועו אַ וואַלד מיט בוימער; אויפשטעלן אַ גאַנצע וועלט.

כה) די גרעסטע מתנה, וואָס דער מענטש קאָן ברענגען דער וועלט, איז — דאָס וואָרט. אַלדאָס אַנדערע, וואָס איינער גיט אַוועק פון זיך: זיין אָנגעזאַמלט ברויט, זיין געלט — קאָן, אין בעסטן פאַל — בלויז פ אַ ר ט יי ל ט ווערן צווישן אַלעמען גלייך; דאָס הייסט: אַז עס זאָל אָנקומען — אַ י ן ג ל יי כ ע ט יי ל ן, פאַר יעדן; אָבער, נישט מער. דאַקעגן — דאָס וואונדערלעכע מיסטעריעזע מענטשלעכע וואָרט, וואָס איינער גיט אָפּ פון זיך, פאַר דער מענטשהייט, — איז מסוגל: זיך צו געבן — אַ י נ ג אַ נ צ ן, ווי עס אַ י ז — צו יעדן איינעם, פאַראַ־מאָל; צו אַלעמען, באַגלייך...

כו) זאָג מיר, מיט ווער/ען דו גייסט, — וועל איך דיר זאָגן — ווער י.ע נ ע ר אַ י ז.

---

א) תלמיד חכם, אף על פי שחטא, ת"ח הוא — קאָרעגיר איך דעם מאמר חז"ל וועגן — ישראל.

ב) דער באַרג איז אומאָפּטיילבאַר, אין זיין עקזיסטענץ, פון דעם טאָל; אַקוראַט, ווי דער טאָג — פון דער נאַכט; און ווי דער געניוס — פונעם גענוס.

ג) דער חכם לאַכט זיך אויס ציניש־קלוג אויס דעם גאַסן־ציניזם פון דעם גס.

ד) פאַראַן גרויסע ווערק, וועלכע האָבן זיך קיינמאָל נישט פאַרקויפט: זיי האָבן אַריינגעראָטן אינגאַנצן אין זייערע שעפער: וועלכע האָבן זיך אויך קיינמאָל נישט פאַרקויפט.

ה) פאַראַן מענטשן, וועמען מע נעמט נישט ערנסט אינגאַנצן, דערפאַר: ווייל מע מוז זיי נעמען — שוין צ ו ־ ערנסט.

ו) געניוס, גענוס, גען — אונטערן גענוס פונעם געניוס צאַפּלט דער גען.

ז) אומרו פון גייסט איז — ווי דער אומרו פון אַ זייגער — אַ צייכן פון דער צייט.

ח) דענקען מיינט — געדענקען.

ט) דער אידעאַליסט איז — דער וועלט־פאַקל. וואָס מער עס ברענט אים

דער פינצטערער ברענשטאָף פון דער וועלט, — אַלץ מער לויכט ער פאַר איר.

י) מענטש הויבט אָן דאָרט, וואו עס ענדיקט זיך זיין וויסן.

יא) דער פוסטער קאָפּ ט ר אַ כ ט גאָרנישט. דער דענקער — ד ע ר־טר אַ כ ט זיך צו גאָרנישט.

יב) דער צאָרן פונעם גרויסן בר־דעת איז דער קאַלך־אויוון, וואו עס ווערט פאַרברענט דאָס מיסט, וואָס עס וואַרפט אַף אים די גאַס.

יג) דער חכם שלאָגט אָן: באַנאַנד מיט די געאָגראַפישע דימענזיעס — אין רוים, אויך אין דער פערטער דימענזיע — אין דער צייט. נישטאָ קיין חכמה אָן־און־פאַר־זיך — אויסער רוים און צייט.

יד) יעדער מחבר — אויטאָר, — דאַרף זיין — אַ באַהעפטער, אַ צע־מענטידער.

טו) פאַראַן היגיעניזירנדע מענטשן. בלויז זייער אָנוועזנהייט אליין, זייער דאָ־זיין, זייער בליק מאַכט זיך שפּירן דעם אומפּלייט — פריסקרע.

טז) פאַראַן מענטשן פון גרויסן ווערט, פון גוואַלטיקן ווערט — וועל־כע גייען אום, אַ לעבן לאַנג, און שרייען: — הכול הבל... עס האָט קיין זאַך קיין שום ווערט נישט.

יז) שטאַרק קרעפטיק מענעריש איז מען נאָר, ווען מען גייט אַ ל יי ן — ד ע ר מענטש. דאַקעגן — ד י מענטשן ווערן שוואַך פאַר־ווייבלעכט, ווי — ד י פרוי.

יח) ר׳ יעקב יצחק, דער חוזה מלובלין, פלעגט זאָגן: ולא יכלו לשתות מים ממרה כי מרים הם: און זיי האָבן נישט געקאָנט אָננעמען איבער זיך קיין הארנשאַפט, ווייל זיי זענען אַליין געווען האַרן.

יט) איך האַלט מיך אַלץ, שטאָל און אייזן, באַם כלל: אַז ווילנע הייסט — ווילנע, עד היום הזה, אויסשליסלעך דערפאַר: ווייל דאָרט האָט געלעבט און געאַרבעט דער ווילנער גאון.

כ) איינער פלעגט זיך נוהג־זיין: דעם טאָג, ווען ער האָט געלערנט, — האָט ער, באַם גיין שלאָפן, געלייגט ז יי ן ק אָ פּ אַף דער קישן פונויבן. דאַקעגן, אין יענעם טאָג, ווען ער איז אומגעגאַן עוסק־זיין אין אַ דבר־מצווה, — דאַן האָבן ד י פ י ס פאַרנומען באַ אים דעם אויבנ־אָן; און ער האָט, באַם גיין שלאָפן — ז יי געלייגט אַף דער קישן; אָפּגעגעבן דעם פאַרדינטן כבוד.

כא) ר׳ מענדל קאָצקער פלעגט זאָגן: יערוף כמטר לקחי — עס טריפט פון מיר מיין בלוט, ווען איך גיי לערנען דער וועלט; תזל כטל אמרתי — דאָס חיות גיסט זיך פון מיר, ווען איך קום עמיצן עפּעס זאָגן. ווער בין איך דאָס — אַ לערער צו זיין?

כב) עס האָט זיך אַמאָל געצויגן אַ מלחמה — גאַנצע זיבן יאָר: כדי אַ חסיד זאָל, אַזאַ לאַנגע צייט, זיין פאַרוואָרפן פונדערהיים, צווישן

ווילד־פרעמדע — און אויפזיננען עכּם, מיטן גאַנצן הארצן, זיין ניגון פון בענקשאַפט צו אידן. (ר' דוב־בער שניאורסאָן.)

כג) דעם אָריגינעלן שפּרודלדיקן דענקער איז, גאַנץ ליכט, צו כאַפּן, אַלע מאָל, בא די עלעמענטאַרסטע וויסנשאַפטלעכע גרייזן; אויב מע גיט זיך נישט קיין רעכענונג: אז ער, דער דענקער, איז, ווי די גאָלד־רודע — אליין, וויסנשאַפט צום פאָרשן.

כד) איינער בלאָנזשעט אום, אין דער פינצטער, אין זיינע טונקעלע רעגיאָנען, פאָרשט, זוכט ליכט און גייט אָן אַף א שטורעם, ווערט איבערגעפאָרן, פאַרלירט א פוס. פאַרוואָס? כדי צו דערלערנען כל התורה כולה — על רגל אחת: אַף איין רעגעל (כלל.) און דאָס איז — די ליבע.

כה) ויחכם מכל האָדם. שלומה המלך האָט פאַרשטאַנען דאָס לשון פון אַלע חיות און פייגל. און ווירקלעך: דאַרף מען זיין א חכם ווי שלומה — אַף צו פאַרשטיין דאָס לשון פון אנימאַלן, פּראָים, אידיאָטן; און פון אומזערע מענטשעלעך — יענע ריכטיקע פייגל.

כו) קיינמאָל שפּירט זיך נישט דער מענטש אזוי זעלטן דערהויבן, ווי בעת ער גליטשט זיך באַרג אַראָפּ. אָן אויסנאַם איז: דער מענטש, וואָס לאָזט זיך גראָבן אין דער טיף; דער טויכער, וואָס נידערט גרינטעווען צום דעק פון ים; דער, וואָס זינקט כאַפּן פאַנג אינעם תהום; דער, וואָס זוכט אָנצושלאָגן א טיפן טאָן אין געזאַנג... דאָס מיינט אָבער — דער מענטש, וואָס שטייגט.

כז) שיין האָט שוין אזא טבע — אז זי מאַכט געדיכטער אַרום, אומ־טערגעשטראָכענער דעם חושך.

כח) ווער עס גיט אָפּ פון זיך א שטאַרקע שיין, — מאַכט געדיכטער דעם חושך — קעגניבער זיך. ווער עס איז אים דאַנקבאַר, דערפאַר; ווער עס קריגט אים פיינט.

כט) די טראַגעדיע פון שמואל דעם נביא: „...את שור מי לקחתי; את מי עשקתי... זה יהיה משפט המלך: את בניכם וכ"ו ושדותיכם יקח... וימאנו העם וכ"ו ויאמרו לו: כי אם מלך יהיה עלינו; והיינו גם אנחנו — ככל הגויים..." ער האָט נישט תופס געווען, דער נביא: אז גראָד דערפאַר, ווייל ער נעמט נ י ש ט, — וויל אים נישט דאָס פאָלק — וועמען ער שטעלט אַרום, מיט זיין הנהגה, צו שאַנדע... ערשט דער מלך, וואָס נעמט יאָ — איז די מענטשן פון פאָלק צום האַרצן: ווייל ער גיט זייער הנהגה בכל הגויים — אָן עקזיסטענץ־בארעכטיקונג.

ל) דער מענטש איז תמיד — אליין. ער קאָן זיך קיינמאָל אַף גאָרנישט סומך זיין. אָט ווען מיר זעען, למשל: אז ער פאָרט אין א צוג, — באַוועגט זיך די גאַנצע וועלט אַרום; נאָר ער איינער — שטייט. און כאָטש ציגן יאָגן אין אַלע ריכטונגען, — נאָר, ו ו אָ ס העלפט עס? אָט שטייט

ער, דער מענטש, און פּאַרט־מיט מיטן פּלאַנעט־צוג; נאָר ער קאָן אינער־גען נישט אָנקומען. איטלעכע פּערפּעקטע באַוועגונג ווערט דערפירט ביז צום — שטיין. און ווען דער עלנטער מענטש וויל ד אָ ך אין ערגעץ דערגיין,—מוז ער זיך נעמען אין די הענט אריין און ווערן אליין—דער גייער.

לא) דער מלבי"ם איז — אמאָל, אין א קאלטן זומער־טאָג — ארויס אין גאס, אָנגעטון אין א ווינטערדיק בגד. מיטאמאָל, גייט אָן אנטקעגן — דער שטעטלשער אפיקורס. אים דערזען אין אזא הולך, — לאכט ער: „—חמרא בימי תמוז קרירא ליה...” נאָר דער מלבי"ם האָט זיך נישט פאַר־לאָרן. ער האָט ג ל יי ך באמערקט: ווי יענער ציטערט, פון דער קעלט... און ער האָט זיך אָפּגערופן: „—א מ ע נ ט ש, — שיצט זיך פון קעלט — ת מ י ד, ווען זי קומט; אפילו אום זומער... דאקעגן, ד ע ר ש ו ט ה — שעמט זיך,,, דערפאר, איז... חמרא בימי תמוז קרירא ליה...

לב) איך פאָדער אלע רעכט פאר דער פרייער פערזענלעכקייט... דער רמב"ם, אינעם מבוא צו זיין פירוש המשניות על סדר זרעים, דער־ציילט: א חסיד איז מושווה געוואָרן מיט א געוויסן מין, וואָס האָט געהאט דערלערנט א רייע חכמות חיצוניות — אז ער זאָל זיי אים באַקאַנט־מאכן; דערפאר, וועט ער, דער חסיד, פאר יענעם אויפדעקן די סודות פון מעשה־מרכבה... אָבער, נאָכדעם ווי דער חסיד איז דערגאַן באַם מין אלע חכמות, און עס איז ע ר ש ט געקומען די ריי פאר אים אליין — צו האלטן וואָרט, — האָט ער זיך דרייסט אָפּגעזאָגט אזוי צו טון, און דער־קלערט: — נ אָ ר ער, דער חסיד, האָט א רעכט און א חוב אלעם צו דערגרינטעוון — אום צו קענען נאָכאנאנד פארטיפן זיין בליק אין דעם ווערק פון בורא. דאקעגן — פאר יענעם, דעם מין, איז א חטא נורא — אים עפּעס אנטדעקן: אז ער זאָל נישט קומען, דאדורך, און נאָכמער פאַר־שטארקן זיין לעסטערן...

---

א) דעם מענטשנס סאָציאַלער גערדאַנק לערנט אייביק — צו דערפאַרן פון געפאַרן.

ב) דאָס לערנען, א לעבן לאנג, אין פרעמדע ספרים איז א פאָרבאַריי־טונג: צו קענען זיך פאנאנדערקלויבן, צולעצט, זיך נעמען צום ליי־ענען העל — אין דיין אייגענעם ספר האָדם... עס איז א רייזע ארום דער וועלט פון אייגענעם איך. פון אים ביסטו ארויסגעפאָרן — כדי, אינעם עיגול, צו אים, אומפארמיידלעך, צוריקקערן.

ג) א געדאנק, ארויסגעבראכט דורך ווערטער, איז א ליגן — האָט גע־לערנט אָסקאר ווײַלד. ווייסט מען נישט: צי — ווייל בלויז ד ו ר ך ר יי ד, און נישט ד ו ר ך ט א ט; אָדער: אז דורך רייד איז אזוי, — איז, בפרט — דורך טאַט.

ד) דער מענטשלעכער מארך פירט דורך תמיד וו י ס נ ש א פ ט ל ע־

כ ע אויסגראָבונגען, (אַ עקספּעדיציע־רייזע איבער דער וועלט פון־נעם אינטעלעקט): כּדי איינצופירן די ס אָ צ י אַ ל ע גערעכטיקייט. דעם מענטשנס האַרץ נעמט אונטער תּמיד אַ נ ט י ־ ו ו י ס נ ש אַ פ ט ־ ל ע כ ע אויסגראָבונגען, (אַ עקספּעדיציע־רייזע אין דער אונטערוועלט פונעם אימפּולס): כּדי איינצושטעלן זיין אַ נ ט י ס אָ צ י אַ ל ע „גערעכטיקייט”, וואָס רופט צו כאַאָס.

ה) גלויבן — זידט אויף דעם מענטשנס געאָלאָגיע־שיכטן, אַלע מינע־ראַלן־אוצרות — אין פלאַם: נישט צום באַרירן. ערשט דער גערואַנק־גראַבט גאַלערייען־לאַבירינטן, נידערט און האַקט אַרויס פון די טיפענישן, ברענט אָפּער דעם אוצר — ער זאָל שטראַלן לויטער, אױף דער זון.

---

א) דער גרויסער אידעאַל צווינגט אָפט האַנדלען — לגמרי נישט־אידעאַליסטיש.

ב) אַ פויגל פליט אַזוי לאַנג — כּל זמן עס טוט אים בריען אונטער די פליגל.

ג) אָ, עס איז אַזוי שרעקלעך שווער צו זיין דער אַ יי נ ז אַ מ ע ר זינגער פון אַ מאַסע אַ גאַנצער.

ד) פינף מינוט פאַרן טויט איז יעדע דיקטאַטור — אומבאַזיגבאַר. (גיליעלמאָ פערעראָ.)

ה) לחם — ברויט, מלחמה: דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

ו) איינעם טרעפט דער קלאַפּ — און לאָזט אים צעטומלט. איינעם דערלאַנגט דער קלאַפּ — און טוט אים פון זיין צעטומלעניש צעוועקן.

ז) איין ציגל אין־און־פאַר־זיך וועט נישט צעפלעטשן קיין מענטשן. אָבער דער זעלבער ציגל באַווייזט דאָס י אָ, ווען ער באַקומט שנעלקייט, פאַרמעסט אין דיסטאַנץ. דאָס הייסט: אַז דער מענטש ווערט דערדריקט דורך רוים און צייט. (העגעל.)

ח) השם קרבות — גאָט פון קאַמף; און קרבות — נאָענטקייט, אינטימיטעט. אין דער טיפסטער נאָענטקייט צאַפּלט — אייביקער געראַנגל; און פאַרקערט. פון האַס צו ליבע איז איין שריט.

ט) דער היצל, מיט וועמען דו ראַנגלסט זיך לאַנג, ביז דו ברעכסט אים, — לאָזט, מיט זיין מפּלה, אין דיר — אַזאַ נאָגנדן טרויער. פּונקט, ווי מיט אים איינעם — מיט וועמען דו האָסט זיך אַזוי לאַנג געעסקט — ביסטו, מענטש, אַליין געפאַלן... ווייל ער רירט אויף ־ ז י ך — אין דיר... און דיין קאַמף מיט אַ י ם איז געווען — דיין געראַנגל מיט ז י ך אַליין...

י) נישט איינמאָל, בענקסטו צום אומגעבראַכטן שונא: וועלכער האָט דיר פאַרשאַפט — אַרבעט, קאַמף; געגעבן, אַזוי אַרום, פאַר דיין לעבן

— א פולן זין.

יא) יעדער נצחון פון דעם קלאָאַקע-*אימפולס* אינעם מענטשן איז — א מפלה; און פארקערט.

יב) וועגן נאפּאָלעאָנען ווערט דערציילט: פאר אים איז אמאָל דערשי־נען זיינער א גענעראל און ראפּאָרטירט: „— די שלאכט איז גע-וואונען. נאָר, דערביי איז אומגעקומען — א האלבע ארמיי...״ האָט נאָ־פּאָלעאָן א זאָג־געטון, מיט טרויער: „—נאָך איין נ צ ח ו ן אזא—און עס איז **נאָך** דער ארמיי...״... א מוסטער, ווי עס זעט אויס מענטשנס נצחון.

יג) דער מענטש דערוואכט צוויי מאָל פון שלאָף. צוערשט — אויסער-סאָציאל, הארציק; ער איז נאָך — ד אָ ר ט, אין דער אונטער־וועלט פון שלאָף, וועלכע איז פאר אים: שיר נישט — די איינציקע, דער עיקר; און ער איז דאַן מסוגל אָפּצוטון א שטות... ביז, עס קומט אויף אין אים — די גערדאנק־צעוואכונג; ער נעמט אריינטרעטן אין דער סאָציאַ-לער רעם; ער דערזעט זיין טעות; און ער פאנגט אָן זיין וואכזאמען קאמף — אין דער וועלט פון וואָר — קעגן טרוים.

יד) דער גרעסטער מערדער איבער זיך אליין איז דער יעניקער: ווער עס דערלאָזט זיינע קינדהייטס־אילוזיעס צו משיג-גבול־זיין זיין יוגנט א.א.וו.; ווייל נהרא נהרא ופשטיה: עס פארמאָגט זיך יעדער פּעריאָד אין דיין לעבן — זיין אייגענע אילוזיע־וועלט צו פּאַרטראָגן.

טו) דער אויסגעטרוימטער טרוים ווערט — אויס טרוים.

טז) קיין זאך איז נישט אזוי פאטאל: ווי צו דערלעבן, אין דיינע רייפע טעג — די אויסצייטיקונג פון דיין יוגנט-טרוים. דאָן, ווען דו זעסט שוין איין אליין, (ווען דו, אלס יונגלינג, ביסט נישטאָ מער,): אז דיין אייביק גליק שטעקט אין דעם: צו זעען דיין ליכט־טרוים אייביק לעבן — אָן דאָרט, אין דיין יוגנט, באנאנד מיט איר; אָ, אזוי אייביק יונג, ווי זי... און נישט: ער זאָל נידערן, ביטן גליק צו דיר, אצינד; זיך-עלטערן מיט דיר, פארוועלקן מיט דיר...

יז) די מענטשן־קינדער מיט זייערע אילוזיעס האָבן קיינמאָל נישט קיין צוקונפט: ווייל שפּעטער, ווען זיי דערוואכן, און די אילוזיעס ווערן וו אָ ר, — זענען זיי שוין מער קיין קינדער נישט. זענען זיי שוין — גרויסע.

יח) דער מענטש האָט קיינמאָל נישט קיין אויסזיכטן — צו זעען פאר־ווירקלעכט זיינע האָפענונגען. ווייל: ד ע ר, איבער וועמען די האָפענונגען ווערן פארווירקלעכט, — איז ש ו י ן נישט י ע נ ע ר, וועלכער האָט געהאָפט... י ע נ ע ר, איז געווען — דארף מען וויסן — א מענטש מ י ט האָפענונגען. דאקעגן, ד ע ר א י צ ט י ק ע ר, א י ז, מיטיינמאָל, געוואָרן — א מענטש אָ ן האָפענונגען; דאָס הייסט — א האָפענונגסלאָזער מענטש...

יט) דער סוד פון דער צונויפגעפּרעסטער ענערגיע — אין ד ע ר,

צי אין יענער צעשטער-באַמבע, — איז אלט, ווי די וועלט; און מע באַגעגנט אים נאָך אין די אגדות וועגן שלומה המלך, אָדער פון טויזנט־און־איין־נאַכט: וויאַזוי אין א קליין פלעשל איז פארשפּאַרט געוואָרן א ריזי־קער מעכטיקער גייסט, וועלכער פאַרמאָגט אין זיך די אומגעהויערע ע־נערגיע — צו איבערקערן און צעשטערן וועלטן, — ווען מע לאָזט אים נאָר אָפּ אַף הפקר — אויסגעשטעלט צו זיך אליין... דערפאַר אָבער, וועט ער ווערן שעפעריש — דער זעלביקער גייסט — אויב דעם מענטשס געזונ־טן שכל וועט געלינגען אים צו פאַנגען און אים ריכטן צום קאָנסטרוקטיוון. ...און די זעלבע פארהעלטעניש איז צווישן דער בלינדער ענערגיע פון מענטשנס אימפּולסיוון גוף — און זיין אינטעלעקט.

---

**א)** דער גערא‍נגל פון לערער מיט קינדער איז — דער ליבע־שפּיל צווישן דער אידייע מיטן לעבן. בעת די אידייע זוכט — לעם דעם לעבן צו ווערן י ו נ ג, — מאַכט זי, דערווייל, דאָס לעבן — אלט.

**ב)** דער גראנגל פון לערער מיט קינדער איז — דער גערא‍נגל צווישן אלט און יונג. בעת ע ר וויל ז יי מאַכן — געזעצט־עלטער — פ א ר דער צייט, — זוכן זיי אים צו מאַכן — שטיפעריש־יונג — נ אָ ך דער צייט... און אפשר — יאָ אין צייט: ווייל, עס איז קיינמאָל נישט שפּעט — ווידער ווערן — יונג־אומשולדיק, ווי דאָס קינד.

**ג)** ווי דער קינסטלער, מיט זיין קריטישער וויזיע, דערהויבט, אויס דער רעפּראָדוקציע פון מאַטעריעלן לעבן — דאָס איינציקע אָריגינעלע קונסט־ווערק, די אידייע, — אזוי אויך דער לערער, מיט זיין קינסטלע־רישן חוש, דערהויבט, אויס דער מאַסע קינדער פון לעבן — דאָס איינ־ציקע אָריגינעלע קונסט־געשטאַלט — די קינד-אידייע; און ער צייגט איר — פאַר זייער אלעמענס דמיון: אז זיי, די קינדער פ ו ן ל ע ב ן, זאָלן נאָכגיין זייער סימבאָל — דעם קינד פון דער קונסט.

---

**א)** יעדע אידייע — אז איך פאַרטיידיק זי ליידנשאַפטלעך, מיט ברען, — קומט עס, אויס מיין טיפסטן איניקסטן וואונטש: זיך מיט איר אַנצוזעטיקן, כדי — פון איר זיך צו באַפרייען... און ווייטער שטרעבן ליידנשאפטלעך — צו א פרישער רייצנדער שיינהייט, אַן אומבאַקאַנטער אידייע, א נייער מיסטעריע... און אזוי, אָן א סוף.

**ב)** דער ליבע־שפּיל פון מענטש מיט זיין אויסדערוויילטער אידייע אויסן לעבן, איז — דער ליבע־שפּיל פון מענטש מיט דער אויסדערוויילטער פרוי. זי — די אויסדערוויילטע אידייע אויסן לעבן, די פרוי — איז קיינמאָל נישט אזויפיל, וויפל דער מענטש. נאָכמער: זי — די אידייע, די פרוי, — איז אליין — גאָרנישט, אָן דעם מענטשנס שוואונגישער אי־מאַזשינאַציע וועגן איר. אלץ איז — ע ר, דער מענטש. ער איז — דער פארטראַכטער, דער אויסטרוימער, דער באַלעבער, דער באַשעפער פון דער

אידייע, פון דער פרוי; עס מיינט — פון איר עקזיסטענץ. ער איז, ווידער — דער מוזיקאלישער אינסטרומענט, אף וועלכן די אויסגעטרוימטע אידייע, די פונדאַסניי־באשאפענע פרוי שלאָגט־אָן קוים דעם ערשטן אסאַרד, — און שוין ווארפט זיך דער מענטש אליין-ווידער צו זיין אינסטרומענט, מיט זיין אייגענער ליידנשאפט און ברען, און ער נעמט זיך אויסצושפילן זיין איינציקע, מענטשישע, פון קיינעם ביז אים קיינמאָל נישט געאַנטע סימפאָניע פון וועלטן־געוויש, הימל און ערד אין אויפגאַנג אין ליבע־געזאנג — צו דער רעגנבויגנדיקער געשטאַלטיקונג פון ז י י ן אייגענער אידייע, פון ז י י ן געליבטער פרוי — א י ן א י ם... ער זינגט, דער מענטש — אין זיין עקסטאטישן שוואונג צו די רוימען, אין זיין איינזאמער שיכרות מיט זיך אליין. אָבער זי — די פרוי, די אידייע — דאָרט ערגעץ אינדערנידער בא זיינע טראָט, — וואָס קער זי זיך אָן צו אים?........ ער זינגט אזוי לאַנג, דער שיכורער מענטש דער אייביק־איינזאמער, מיט ברען, — ביז ער ברענט זיך אויס; ער בלייבט דערשעפט. ער צעעפנט ברייט זיינע אויגן; און — דאָרט, אף זיין הויך, — דערזעט ער זיך, פלוצים — אליין, אין שרעק, אין פיין; פארלאָזן פון זיין אידייע, פון זיין געליבטער פרוי....... וועלכע האָט דאָך קיינמאָל צו אים גרייכן נישט געקאָנט; וועלכע איז דאָך אייביק געבליבן פאראליזירט שטעקן, דאָרט ערגעץ אינדערנידער...... און ער נעמט פאלן פון זיין הויך, דער צעוואכטער מענטש; נידערן צו איר — מיט פאָריבל, מיט פאָרוואורף, מיט וויי... אז זי — די קליינע אידייע פון לעבן, די קליינע פרוי, וועלכע האָט קיינמאָל קיין פליגל נישט פארמאָגט, — זאָל א י ם — דעם גרויסן מענטש, דעם טרוימער, צו וועמען זי האָט קיינמאָל גרייכן נישט געקאָנט, —: אָדער — אינגאנצן, מיט קאלטער אכזריותדיקער אומדיפערענטקייט, אוועקטרייבן פון זיך, — אָדער — אים איצט בינדן אף אייביק, דעם געפאלענעם מענטש — צום לעבן. אז ער זאָל זיך שוין צו־פליען נישט דערוועגן מער. ווייל, פון אצינד און ווייטער, פאנגט זיך אָן פאר אים ד אָ ס ג ל י ק — פארן מענטש-צוזאמען מיט זיין אידייע, מיט זיין פרוי. אָ, עס הויבט זיך אָן זיין לאַנגזאמער פאראליטישער מארש אינעם לעבן — צום טויט.

ג) פאראן מענטשן, וואָס גלויבן נישט אין גאָט; און דאָך, זענען זיי — פאנאטיש־גלויבנד; ווייל אָט דער נ י ש ט ־ גלויבן — דאָס איז זייער ג ל ו י ב ן, פאר וועלכן זיי זענען גרייט אָפּצוגיבן דאָס לעבן.

---

א) והנה סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה. (בראשית, ויצא). מע קאָן נישט דערגרייכן מיטן קאָפּ צום הימל — אויב מע שפּארט זיך נישט אָן פעסט אף דער ערד.

ב) כל העולם לא נברא, אלא לשמשני. פונקט, ווי די זון איז דאָ — כדי צו משמש-זיין (באדינען) ד י וו ע ל ט, — אקוראט אזוי, איז

די וועלט בארופן — צו משמש־זיין (באזונען, באלויכטן) ד ע ם מ ע נ ט ש ן.

ג) תמיד: האָט דעם מענטשנס אויג דערנעענטערט פייערן, דורך די נעכט; אויסגעבויגן הימלען ביז צו דער ערד — און אלעם איז אזוי פארבליבן מיילן-ווייט פונאנאנדער, ווי געווען.

ד) דאָס שווער־וואָגיקסטע פראָבלעם ווערט גלייך לייכט צום באוועגן — ווי נאָר מע נעמט אָן זיין גלייכגעוויכט.

ה) פונקט ווי דאָס לעבן איז א פראָבלעם פארן מענטש, — אזוי איז אויך דער מענטש — א פראָבלעם פארן לעבן. נאָכמער: בעת דאָס לעבן איז — א י י ן פראָבלעם פארן מענטש — איז דער מענטש — ד אָ ס א יי נ צ י ק ע אלצומפאסנדע פראָבלעם פארן לעבן.

ו) די געשיכטע פון יעדן מענטשן קאָן ווערן — ווייל זי א י ז — די געשיכטע פון דער וועלט; פונקט ווי עס איז דאָס — דער טראָפּן, אין באצוג צום ים. די געשיכטע פון דער וועלט איז — די געשיכטע פון יעדן מענטש; פונקט ווי דער ים איז דאָס, אין באצוג צום טראָפּן. ווייל: מער, וויפל דאָס לעבן איז א פראָבלעם פארן מענטש, — איז דער מענטש — ד אָ ס פראָבלעם פונעם לעבן.

ז) וואָס מער א מענטש שטייגט און זוכט — זיך־דערנעענטערן צו זיינע האָריזאָנטן, — אלץ מער, דאדורך, טוט ער אליין — ז י י, זיינע האָריזאָנטן, פון זיך דערווייטערן.

ח) נישטאָ קיין אלגעמיינע האָריזאָנטן פאר אלעמען גלייך. יעדער איינער מאכט אָנשטרענגונגען און דערהויבט זיך, לויט זיינע כוחות־נאָך, צו זיין אייגענער העכסטער הויך: כדי צו דערזעען זיינע אייגענע, דורך־אים־אליין-דערהויבן־און-אויסגעברייטערטע, דורך אים אליין און פאר זיך אליין געשאפענע, פאר אים בלויז עקזיסטירנדע האָריזאָנטן.

ט) וואָס העכער דער מענטש שטייגט, — אלצמער ברייטערט ער אויס, דערהויבט און — טוט אליין דערווייטערן פון זיך זיינע האָריזאָנטן. ווייל ער זיי דערנענטערן — דאן זאָל ער נידערן; וועלן זיינע האָריזאָנטן נידערן מיט אים. דאָס שטייגן ברענגט צו פחדימדיקער אומענדלעכער דיס־טאַנץ... דאָך, גיט נישט אויף א מענטש זיין שטייגן... זאָל עס זיין דער־פאר: ווייל ער איז געפאנגען; און ער זוכט, מיט זיין שטייגן — גרעסער צו מאכן, צעשפרייטן די ווענט פון זיינע שטייגן.

י) א וואָרעם קריכט אום אף דער ערד, בליקט א ו י ס ארום זיך — אף א שפאן די ווייט, — און ער האָט זיך פארטיק דעם האָריזאָנט — זיין ג אַ נ צ ע וועלט אין באנעם. מער וועט דער וואָרעם נישט וואקסן, זיך נישט דערהויבן. אזוי — מיט ד ע ם האָריזאָנט — וועט ער שוין דערלעבן זיין ז י י ן...... נאָר, אָט נעמט וואקסן א מענטש־קינד, זיך-דערהויבן. וואָס א טאָג, — אלץ העכער גרייכט ער מיט זיין

בליק — און ברייטער ווערט זיין פארנעם. ער איז — דער לעבעדיקער בארג, וואס וואקסט, וואס שטייגט אלץ העכער; איז — אלץ ברייטער וויקלט זיך פאר אים פאנאנדער זיין וואונדערלעכער האריזאָנט אין אנט-פלעקונג... ער שטייגט אזוי לאנג, דער בארג־מענטש, — ביז ער דער-גרייכט זיין אייגענע גרויע וואָר. אזוי בלייבט ער שטיין באם שניי־שפיץ פון זיינע לויטערע גרויע טעג; באם גבול פון זיין אייגענער אנטפלעקונג אין אומענדלעכן האריזאָנט; קוקן, פונוויטנס, אהינצו — אָ, צו זיין אייגן, צו זיין פארשפראָכן אומדערגרייכבאר לאנד; עס באוויי-נען, עס קושן, עס בענטשן.

יא) פראָבלעמען ווערן קיינמאָל נישט געלייזט. זיי ווערן בלויז דער-קענט, אנטפלעקט, פארשארפט; אָבער זיי זענען אייביק: פונקט, ווי עס איז אייביק דאָס פראָבלעם — מענטש — דער שפיגל פון אלע פראָ-בלעמען אין וועלטאל. און וואס טיפער דער מענטש ווערט, קאָמפליציר-טער, — אלץ שארפער נעמט ער אויף די אייביקע פראָבלעמען אין גערעאנגל... אויסער זיין השגה, ווידער, איז גאָרנישט בנמצא — אף אזוי וויט גרייכט די השגה זיינע צום אומענד, זיין שטייגן צום אין-סוף, פון פראָבלעם צו פראָבלעם, פון שטאָפל צו שטאָפל, צום אויב נישט נאָך הע-כער. דאָס, אייגנטלעך, איז דער מהות פון מענטשנס באשטייגן-בייקומען איין פראָבלעם נאָכן אנדערן.

יב) פראָבלעמען ווערן קיינמאָל נישט געלייזט. דער עיקר איז — דאָס ארויסשטעלן די פראָבלעמען. אָט דאָס איז — דאָס איינונייניציקע עקזיסטירנדיקע פראָבלעם.... וואו האָט מען דאָס געלערנט? אין ליבאַ-וויטש. אין אלע חסידישע מאמרים פון אלע רביים — פון ר' שניאור־זלמן דעם בעל־ה„תניא” אָן, און ווייטער — ווערט אלץ אייביק געשטעלט איי-נע און די זעלבע פראגע: למה ירדה הנשמה מאיגרא רמא לבירא עמיקתא? און כאָטש באלד קומט די תשובה: ירידה זו צורך עליה היא, — דאָך גייט אויף די זעלבע פראגע — שוין גלייך אין דעם צווייטן מאמר פון זעלבן רבי, אינעם דריטן; אזוי — א לעבן לאנג. דאָס אייגענע חזרט זיך איבער — בא אלע רביים, וואס קומען דערנאָך. עס איז — די איינציקע פראגע, וועלכע ווערט קיינמאָל נישט פארענטפערט. עס איז — דאָס אייביק-איינציקע און אומלייזבארע פראָבלעם: ווייל מע קאָן זיך גאָר קיינמאָל נישט פארענטפערן; ווייל עס איז נישטאָ אין ערגעץ פאר קיינעם סיין פאַרענטפערונג. אייביק בלייבט מען שולדיק דעם ענטפער: למה ירדה? פארוואָס געפאלן? פארוואָס? פארוואָס?... אָ, אייביק בלייבט מען געפאַ-לן..... אָט, דוכט זיך, האָט מען זיך געטון דערהויבן אזוי הויך, מבירא עמיק-תא לאיגרא רמא, צום העכסטן בארג־שפיץ! איז, וואָס־זשע שטעלט זיך ארויס? אז דאָ, אפן שפיץ, זענען די האָריזאָנטן, די רוימען — נאָך העכער און אומענדלעך-ברייטער געוואָרן; אז נאָך ווייטער איז געוואָרן דער מהלך:

פ ו ן  ד י ר — אלץ, אין דער נידער — ביז צו דער העכסטער הייך; נאָך ווייטער; און אלץ דערפאַר: ווייל דו האָסט זיך דערהויבן..... און דו שטייסט, און דו זעסט צו: ווי דו האַלטסט אלץ באַם אָנהויב, באַם — למה ירדה?!. און כאָטש דו גיסט זיך רעכענונג: אַז דו אַליין — אדאנק דיין שטייגן — האָסטו געטון די האָריזאָנטן דערהויבן, זיי אַזוי־נרייַלעך אויס־ברייטערן; אַז דו אַליין, אַף דיינע פּלייצעס, טראָגסטו די אַלע וועלטן אַף זיך, דו שטייגנסט מיט זיי, מיט דיר טוען זיי זיך דערהויבן, — דאָך, וועס־טו זיי קיינמאָל נישט דערגרייכן: ווי דו וועסט **זיך** קיינמאָל נישט דער־גרייכן; ווייל: עס איז נישטאָ קיין דערגרייכונג אין ערגעץ. עס איז: אייביקער שטייגן — דאָס אייביקע פּראָבלעם. אַזוי — מיטן שטייגן פון  ד י ן לעבן, פון שטאַפּל צו שטאַפּל; אַזוי, מיטן שטייגן פון אַנדערע. ווייל איט־לעכער שטייגט פאַר זיך, אפילו ווען מע שטייגט צוזאמען, א וועלט א גאַנ־צע מיט יחידים — אייביקע בערג-קלעטערער; וועלכע דערהויבן זיך, אָן אויפהער, מדרגאָ לדרגאָ; און זיי האַלטן, דערפאַר, אימער באַם אָנהויב: באַם למה ירדה; באַם אם לא למעלה מזה; באַם אייביק־איינציקן נישט פאַרענטפערטן פּראָבלעם פונעם אַלוועלט: פאַרוואָס געפאַלן?!.. און באמת: צי איז דען פאַראַן אַמאָל פאַר ווען אין ערגעץ א פאַרענטפערונג?

---

## גאָט מענטש און טייוול — אַף דער  א י ך - וועלט-אַרענע.

א) את אשר יאהוב ה' יוכיח: דער אימפּולסיווער גאָט פון דער מאַסע פּרעסט אויף  ד ע ם,  ווען ער האָט ליב.
ב) רחמנאָ ליבע בעי.
ג) ה' רחום וחנון, אל קנאָ ונוקם: דער אימפּולסיווער גאָט פון דער מאַ־סע ווערט, (ווי זיין באשעפער, די אומבאַוואוסטזיניקע מאַסע א־ליין,) פאַרעטעריש־אומשטאַנדהאַפטיק-געשליידערט פון עקסטרעם צו עקס־טרעם. פון ליבע צו האַס, און פאַרקערט, איז — איין שריט.
ד) דער ברוטאַלער אייביק-יונגער גאָט, דער פּערפעקטער עצם בלתי משתנה — לעבט קיינמאָל גאָרנישט איבער. (איבערלעבן מיינט: זיין יונג, ווערן רייף און אַלט.) במילאָ: נישט ער ווייסט עפּעס פון — לעבן; נישט — פון מענטשנס איבערלעבן ליידן און פּיין. ער איז פאַרן לעבן — טויט. (ווייל לעבן מיינט — איבערלעבן.)

---

א) שומר פתאים ד': גאָט וואַכט טריי איבער זיינע נאַראָנימלעך, וועל־כע זענען — די ווילן פון זיין  ז י י ן.
ב) איטלעך וואָרט, ווען מע ווידערהאָלט עס צו־אָפט, דאַן פאַרלירט עס

פאר אונזער גערדאנק יעדן זין. (ערנאר פא.) א נעדאנק, ארויסגע־בראכט דורך ווערטער, איז א ליגן. (א. ווײלד.) ערגא: וואס מער עס ווערט פארגעבראכט גאטס נאמען, — אלץ זינלאזער קומט פאר זיין עקזיסטענץ פארן מענטשנס געדאנק.

ג) גאט, װעלכער איז — ל מ ע ל ה מן השכל, — איז, במילא, ל מ ט ה מן השכל; בכלל — א ו י ס ע ר ן שכל. אלץ, וואס איז — אויסערן שכל: וואס דער מענטשלעכער פארשטאנד זאגט זיך אפ אויפ־צונעמען אינעם רעאלן לעבן, — איז וואנזין! אלציינס: נידעריקער וואנ־זין, צי העכערער געטלעכער וואנזין: א משוגענער פרעטענדירט ז י י ן א וועלט־פירער און אנגעבן זיין אנארמאלן ווילן, אלס אויסגאנג־פונקט פון מאראל, פון אידעאל, פון עקזיסטענץ...

ד) דער אופן דעפינירן א אידיאט איז דער זעלבער — ווי ווען מע וויל דעפינירן גאט. מע קאן נישט דערקלערן וועגן ביידן, ב ח י ו ב (פאזיטיוו) — וו א ס ז יי ז ע נ ע ן. בעת איינעמס שכל (גאטס) איז — ל מ ע ל ה מן השכל (פון דעם נארמאלן מענטש), — איז דעם צווייטנס „שכל" (דעם אידיאטס) — ל מ ט ה מן השכל (פון דעם נאר־מאלן מענטש). און ווען מע וויל ד א ך מקרב-זיין אל השכל פון דעם ארעמען פשוטן מענטש א געוויסע השגה וועגן יעדן איינעם פון ביידע פיקאנטע סוביעקטן, — דאן מוז מען זיך נעמען באוועגן, לויטן מעטאד פון — מן השלילה אל החיוב; ד. ה.: גיין פעסטשטעלן — וואס זיי זענען נ י ש ט ... און דא, זעט איר, עפנט זיך פאר זיי ביידן — א אומגעהויער ברייט פעלד פון פעסטשטעלונגען...

---

א) טראכטן ערנסט וועגן מענטשן טראכט בלויז דער מענטש. ראקען, גאט — דער זארגלאזער לײדיקגייער — גייט אום און לאכט.

ב) די וועלט פון שכלדיקן מענטשן גייט פיל ווייטער פון אימפולסיוון גאטס ארעמע השגות. ער האט ארויסגערופן די גייסטער, (דעם שכל;) אבער ער קאן זיי נישט באהערשן. ער מאג יא זאגן: ויקו לעשות באושים ויעש ענבים...... אקוראט ווי פון פאטענטן אומזין, אין זיין ברוטאלן גע־שלעכט־אויפשפיל, — קומט אפער — קרעפטיקער שטייגנדער זין...... בראשית ברא: צוערשט, האט באשאפן דער בלינדער אימפולס, אומבא־רעכנט. האט ער אבער ארויסגעלאזט די גייסטער, דעם מענטשן מיט זיין שכל, דעם עץ־הדעת, כי האדם עץ השדה; און ער האט דעם שכל מער נישט געקענט צוימען: ווייל שכל גייט ווייטער פון אימפולסיוון גאט.

ג) די קרייצונג פון גאט־מענטש, פון אידייע און מאטעריע, ווי צווישן ראסן צוויי — האט ער אונטערגענומען, דער אלטער: אום צו ברענ־גען צו זיין פאריונגערונג; צו דער אפפרישונג פון זיין פאטענץ. דערנאך, האט דער מענטש-געדאנק אונטערגענומען דעם קאמף — ארויסצושטויסן

---

א) גאָט האָט ארויסגעבראכט זיין נ י ש ט ־ זיין, — כדי צו דער־מעגלעכן זיין — ז י י ן.

ב) גאָט האָט באשאפן די וועלט — דעם וויזיע־פּאָן פון זיין נ י ש ט־ זיין, — כדי צו דערזעען — ז י ך ־ ג ו פ אָ: אין זיין וויזיע־בילד פון ז י י ן...... ו ירא אלוהים כי טוב: אז **ער** איז גוט...

ג) „די וועלט — לערנט די רעליגיע פון אלע צייטן — איז באשאפן געוואָרן: יש — מאַין". און עס איז ריכטיק. בלויז אדאנק דעם אַ י ן, דעם שווארץ, — האָט געקאָנט געמאָלט זיין דער אויפקום פון י ש — פון ווייס... אָן ש ו א ר ץ — איז אויסגעשלאָסן דער דמיון, די פאָרשטעלונג פון וו יי ס; און פארקערט. אָן דעם קיום פון אַ י ן — איז אוממעגלעך דער באגריף י ש ; און פארקערט. זיי זענען — קע־נזייטיקע פּאָן און בילד. נאָכמער: זיי זענען — איין קעגנזייטיקער דער־גאנצונגס-מהות.

---

א) אז דו געניסט, דו זעסט א קונסט-ווערק — דוכט זיך דיר אויס: אז דו אליין האָסט עס געטלעך־געשאפן. דיינס איז עס... און עס איז אזוי. עליי, דו לעבסט — אין דיין יוגנט, און דו זעסט: ווי די גאנצע וועלט איז — געטלעך־דיינע; זי איז — דיין גענוס... אָ, דאן איז די וועלט — מאָראל; פונקט ווי דאָס קונסט־ווערק — גלויבן. וועלט און קונסט, ביידע זענען פאר דיר — דיין פּאַלאַץ: ווען דו ביסט אינדריי־נען.......... ביז, דו גייסט אין ניוועץ, טיפּש. די וועלט איז שוין נישט מער — דיינע; זי לאכט לציש פון דיר — דעם אויסגעלעבטן פּרעמדן. און דאָס אייביק־יונגע אין־זיך-פארליבטע קונסט-ווערק שפּאָט ברוטאל פון דיין העסלעכן אימפּאָטענטן גלויבן.. אָ, דאן איז די פּאראמאָל-אויסגע־ליידיקט-געבליבענע אויסגערויבטע וועלט פון דיין עלנט האַרץ — פּערוועוּר־זיע, עקל; און דאָס קונסט-ווערק — געמיינע לעסטערונג פון מענטש־גאָט.

ב) אָ, איך בין גרייט צו רעווידירן גרינטלעך מיין שטעלונג צו אטעיזם און רעליגיע. איך האָב פּלוצים אנטדעקט: אז איך גלויב ליידנ־שאפטלעך אין דער פּיל־גאָטהייט: אין די שיינע פּרווידישע עראָס־געטער, וועלכע בושעוועט אין יעדן... ער ווערט געבוירן — יעדער גאָט — באַ־נאנד מיט זיין מעכטיקן יונגלינג. ער זינגט און ער שאפט גלויביק — אין די פּאָטענטע גלידער פון די יונגע; און ער לאכט ארוים ציניש — ווי אַ אויסגעשפּילטער אָפּגעלעבטער לץ — אוים די טראגי־קאָמישע אוואנטור־געיעגן, אָ, פון די זקנהשע גייסטער: נאָך „אייביקער יוגנט..."

ג) די יוגנט גלויבט, שיכור־ליידנשאפטלעך גליקלעך — אין געטער, אין אידעאלן: די יוגנט גלויבט, שיכור-ליידנשאפטלעך גליקלעך —

**אין איר איינענער קראפט. די געטער די אידעאלן פון דער יוגנט זענען אזוי מעכטיק-פּאַטענט און זינדפול, אוואנטוריסטיש** און פּאַראַטפול — ווי זי, די אַריבערשוימענדע שיכור־צעוואַקלטע יוגנט אליין, איז: מיט איר ליבע, מיט איר גרויסמוט, אז: על כל פשעים תכסה אהבה; די יונגע שטאַרקע פאַרברעכערישע ליבע פ א ר ב ר ע נ ט אַ ל ץ...... און גאַרגישט בלייבט. „קיין זאך מאכט נישט אזוי אלט, ווי גליק״. (אָ. ווײַלד.) און דאַן — אָפּגעלעבט געזעצט אָפּשטאַרבנד מאָראַ־ליש, אימפּאָטענט־מיושבדיק, אָנשטענדיק מדה-שתורהדיק־פּרעטענציעז — ווערן אירע געטער, אירע גלויבנס, אידעאַלן. לציש-ניכטער, ווי דער געניץ; ציניש ווי דער טויט — אז דאָס לעבן פאַרגייט.

ד) ערגעץ ווערט געלערנט: מתחילה היה אור אין־סוף ממלא את מקום החלל הזה ולא היה מקום פנוי לבריאת... אין אָנפאַנג, איז געווען אומעטום — ליכטיק; און עס האָט זיך נישט געקאָנט געפינען אין ערגעץ קיין פּלאַץ פאר שאפן... נאָר, אז עס איז אויפגעקומען אין אים דער אומ-באַהערשלעכער דראַנג צו זינד — עס האָט זיך אים פאַרוואָלט, דעם אלטן פּערווערזן ליץ, א הוליע-טון, — האָט ער גענומען און געמאכט פינצטער: אז זי, די יונגע וועלט, זאָל אלט ווערן אין גליק; ער — יונג אין זינד... האָט ער אויפגעשלאָגן אַ הייזקע, אַ צירקוס, אַ טהירישן גן־עדן — אין אַ עולם עכור ושפל; האָקום־פּאָקום — און ער האָט, מיט זיין שוואַרץ־קונסט, אפּערגעבראַכט און אהין אריינגעזעצט, בצלמו-כדמותו — א זכר ונקבה: א אָדם מיט א חוה, א חיות־דרעסירער און א שלאַנגען־צוימערן, א יונגן קרעפּטיקן זכר מיט א פרעכטיק־רייצנדער זי-שלאַנג; אליין — מיט זיין געטלעך-שלאַנגיש־קינסטלערישער אלצווייזהייט אין די ס ו ד ו ת פ ו ן א י י ב י ק ן ל ע ב ן א ו ן ג ע נ י ס ן פ ו ן ט ו ב ו ר ע, — א מבין: וואָס גוט איז און וואָס שלעכט, — איז ער גלייך אריינגעקראָכן, ווי א געניטער שטוילער, א י ן ב יי ד ן; און זיי גענומען רייצן, דורך בלערליי שלאַנגען־אינטריגעס — צו איינאַנדער: אז — אין זייער באַ־העפט — זאָל ער טון זויפן דאָס יונגע שמעקעדיקע אלצפאַרשיכורנדע מיידל־לייב פון דער וועלט און ווערן יונג, אין זינד; בעת זי, די וועלט, זאָל ווערן אלט, אָ, פון אזויפיל גליק...

---

א) „רבונו של עולם״ איז די ראָשי תיבות פון ר ש ״ ע ; פּונקט, ווי ג אָ ט איז — דאָס פאַרקערטע פון ט אָ ג.

ב) נישטאָ קיין מאָראַל אין ערגעץ — אַן און פאר זיך. מאָראַל מוז ווערן אָנגעווענדעט אפן מענטשנס מאַטעריעל אייגנטום: מיינס, דיינס... מאָראַל הויבט אָן מיטן מענטש.

ג) יהוה אלוהים מתהלך בגן לרוח היום. ווילסטו לעבן אין א גן ערן, — זיי גוט מיט גאָט און, ווי ער, גיי — לויטן ווינט פונעם טאָג.

ד) נאָט איז — אומעטום: ווי יענעם שדכנס פּרעמד אויג, וואָס קריכט — אנטימאָראַליש, פּערווערז — צום שלאָף־צימער פונעם יונגן פּאָר... און אפשר: מוז נישט זיין ער אליין דערביי, ווען ער האָט דאָרט זיין פּאַר־שטייערן — די פאַרנגעטערטע פרעמדע ניכטערע פרוי?!.

ה) שטענדיק, ווען עס קומט אויף דער וועלט אַן אַלגעמיינע ירידה פון דער סאָציאַלער מאָראַל, — קומט, אין דער זעלבער זייט, אומפאַרמייד־לעך, ווי א בייז באַגלייטעניש — אַן אַ ל ג ע מ יי נ ע עליה פון דער אַ נ ט י ס אָ צ י אַ ל ע ר ר ע ל י ג י ע... דאָס נעמט זיך, דער־פאַר: ווייל דער חרב'ער מענטש הויבט אָן ציען צוריק צו גאָט־כאָאָס, צו אומקום...

ו) קליידער, בכלל, זענען — אַ ל ב ו ש צ ו ע פּ ע ס; און עס איז, דארום, זייער ציל: נישט — יענץ צו פאַרדעקן, — נייערט רייצן צו דעם, קאָנסטאַנט, רופן דארויף די אויפמערקזאַמקייט... אַ, לאָמיר גוט גע־דענקען: ווען נישט די קליידער, — וואָלט דער מענטש שוין לאַנג נישט געווען געדענקט — אַז עס עקזיסטירט נאַקעטקייט אויף דער וועלט. ער וואָלט צוריק געוואָרן — גאַנץ און אַזוי פּערפעקט־אידיאָטיש — אַקוראַט, ווי פ אַ ר ן ערשטן חטא. און וואָלט ער זיך — לאָמיר זאָגן — געווען דער־זען, פּלוצים — צוריק אין זיין פאַרלאָרענעם גן־עדן ,און געווען פאַר־בייגעגאַן דעם בוים פון וויסן, דעם בוים פון לעבן, — איז, נישט ער וואָלט אָנגעהויבן דערפון צ ו ו י ס ן, נישט ער וואָלט אָנגעהויבן צו אַנען פ ו ן אַ ל ע ב ן ...... איז, אָט אין דעם שטעקט דער פאַטאַלער טעות פון דער אייפעריקער געטלעכער מאָראַל: וועלכע האָט געאיילט און אויפ־געניים קליידער — פאַרן מענטש־בוים פון וויסן, געפלאַנצט אינעם באָדן פון לעבן... (כי האָדם עץ השדה; אשה — אם כל חי — קרקע עולם היא...) אַז אים, דעם מענטש, זאָל אייביק רייצן: די אַנטפּלעקונג פונעם א יי־ג ע נ ע ם וו י ס ן — די באַהעפטונג צו דער מיסטעריע פון א יי ב י־ק ן ל ע ב ן . . . (וידע אָדם את חוה...) און באַלד ווידער, וועט קומען צו אים — ד אָ ס ל ע ב ן אליין צוגיין. און עס וועט אים אונטערטראָגן די ל ע ב נ ס - פּ ר ו כ ט — אויסגעצייטיקט און נעריס! — פון זייער אייגענעם בוים, פון לעבן, און וויסן........ אָט, פאַרוואָס — אין דעם רייץ צו נאַקעטקייט, איז די ערבות פאַר דער עכטסטער מענטש־אַנטפּלעקונג אויף דער זון.

---

א) געדאַנקען, מאָגן זיי זיין וו י ג ע נ י א ל, — ווערן זיי נישט געדענקט אליין — אויסערהאַלב דעם מענטשנס מאָרך.

ב) די איינציקע פאַרענטפערונג פון גאָט איז דאָס, וואָס ער עקזיסטירט נישט (סטענדהאַל.)

ג) השאָ(ע)רת הנפש.

ד) פונקט, ווי עס קען נישט געמאָלט זיין — צייט, אָן רוים: (אידייע, אָן מאטעריע), — אזוי אויך קאָן נישט געמאָלט זיין — רוים, אָן צייט: (מאָטעריע, אָן באוועגונג.) דער רעלאטיוויטעטס־באגריף וועגן דער עקזיסטענץ פון צייט און רוים, — דאָס איז — זייער אומויפהערלעכער וו ע ר ן: זייער נ י ש ט - זיין — אינעם זיין.

ה) איינער גייט אזוי ווייט, אין זיין דראנג צו ביטול היש, — אז ער איז מבטל א ל ץ, אפילו גאָט — אין זיך. איז דאָס — א מדרגה, און ער שטייגט... א אנדערער, ווידער, באטראכט זיך פאר אזוי־ אומענדלעך־גרויס, — אז ער דערזעט אזש גאָט — אין זיך. דאָ איז יאוונע קלאָר: ווי ער קאָן פון זיך נישט אוועק אף א האָר; אזש ער איז גרייט מיט זיך אויסצופילן דעם גאנצן אלוועלט.

---

א) וכל העם רואים את הקולות; רואים את הנשמע. דאָס יונגע פאָלק, מיט זיין קינדערשער בילדערישער פאנטאזיע, האָט געזען פארן דמיון זיך צייכענען אינעם רוים די בילדערישע שפראך, דאָס פרימיטיווע קינדערשע לשון פון יענער צייט, די יעראָגליפן.

ב) מתחילה היה אור אין סוף ממלא את מקום החלל הזה: אין אָנפאנג, איז גאָט דער אימפולסיווער דער אנטיסאָציאלער געלעגן — ווי א פרווידיאניש-מיזאנטראָפישער האָמונקולוס, אין דער מוטערס בויך — פארטיפט אין זיין אומענדלעכן ליכט־ים; געזווינגן אויסן נאָפל פון זיין אייגענער מיסטעריע; געהאלטן אלע האריזאָנטן איינגעשלאָסן אין זיך; אויסגעפילט אלץ מיט זיך; רואיק פארבלענדעט פון זיך; אינגאנצן ארייננגעטון אין זיך; ארייננגעבליקט איינגעשפיגלט אין זיך; איינגעליבט צופרידן מיט זיך; דער עצם בלתי משתנה, פערפעקט־אומפארענדערלעך איינגעגלויבט אין אייגענער אייביקער וויזיע; און נישט חושד געווען: אז ער איז בלויז א סטאַדיע אזא — די סטאטישע טעזע — ד. ה. א פאוזע, א פארגעשטאל־טונג, א טרעפ, א בריק, אן איבערגאנג; א מעדיום אפשר, אן אויספיר־אינסטרומענט פאר דעם, וואָס דארף ערשט קומען; פאר גיים, וועלכעס איז — וויכטיקער, ערנסטער, טיפער, קאָמפליצירטער פאר אים אינגאנ־צן...... ולא היה מקום פנוי לבריאת־העולמות: און ער האָט נישט געאנט גאָר אפילו: אז עס איז דאָ פלאץ פאר אזעלכעס, ווי — וועלט־באשאף...... וכשעלה במחשבתו לברוא את העולם: נאָר, גאנץ-אומגעריכט, האָט אויפ־געשלאָגן אין זיין סאָציאלער מחשבה — דער דינאמישער אנטיטעזע — דער באפעל צו באשאפן די וועלט; וועלכע קומט ווייטער — נאָך אים; וועלכע איז — פיל־פארשפרעכנדער, פיל־טיפער, קאָמפליצירטער פון אים...... הלך וצמצם את עצמו אל הצד, (דער סוד-הצמצום): האָט ער גע־מוזט אָפלייגן אלץ אָן א זייט — די גאנצע אנטיסאָציאלע פארבלענדזע־ניש פון זיין אומפארענדערלעכער פערפעקטקייט, וואָס פילט אלץ אויס

מיט זיך; האָט ער זיך, געבעך, געמוזט איינשרימפּן אביסל..... ונשאר מקום פנוי לבריאת העולמות: און לאָזן פּלאַץ, לעבן זיך, פאר דער ווייטערדיקער עקספּאַנסיע פון אוניווערז — פארן אויפמארש פון וועלט און מענטש . . . . . . . . . . . . . . . . . איז, נאַטירלעך, זיך־געוועזן פאַרצושטעלן: אז אויך דער מענטש (הנוצר בצלמו ודמותו פון גאָט,) זאָל האָבן דורכצומאכן דעם זעלבן פּראָצעס — ביז צו זיין סאָציאַלער דערוואכונג. אין אָנהויב: זאָל ער זיין — מיזאַנטראָפּיש־אימפּולסיוו־אנטיסאָציאל, און נישט דולדן קיינעם לעבן זיך. ביז, עס נעמט נישט אָנרייפן אין אים — זיין סאָציאַלע מחשבה; און זי טוט אים באַוועגן: זיך־איינצושרימפּן אַן א זייט; און לאָזן פּלאַץ, לעבן זיך — פאר דער סאָציאַלער געזעלשאַפט, פאר דער וועלט.

ג) וויאַזוי האָט דער כביכול, זאָל לעבן, באַשאַפן די וועלט? פריער, —

האָט ער נישט געוואָלט, דער אַלטער — כאָטש גיב אים א זודיקן קארטאָפל צום גומען. זיין אומבאַגרעניצטער געטלעך־אימפּולסיווער עגאָאיזם האָט קאטעגאָריש אויסגעשלאָסן דאָס לעבן — לעבן זיך. ער — דער גאָט־פארדאמטער בלוטיקער שונא פון לעבן, — האָט, אין זיין געטלעךצעיושעטן האס — גאָרנישט געקאָנט פארטראָגן, אויסער זיך. און ער האָט זיך כסדר געפּאַרקעט און געגריבלט אין די אייגענע געדערים — ביז נישטגוטקייט ווערן; נאָר ער האָט געמאכט דעם אָנשטעל: אז ער איז גליקלעך...... אזוי לאנג — ביז וואנען ער האָט זיך אזוי פארפלאָנטערט אין זיין אינגעווייד, — אז ער האָט שוין נישט געקאָנט ארויסקריכן; און, אום דאָס אייגענע געמויזעכץ ווי־עס־איז אויפצופּלאָנטערן, — האָט ער עס גענומען און ארויסגעטראָגן אין דרויסן: „— זאָל אים א וועלט מיט מענטשן העלפן ארוים פונעם פּלאָנטער!..." — און אזוי איז זיך, דערווייל, געוואָרן א וועלט...... נאָר, צי האָט דאָס געבראכט צו א טאָלק? די צעשפּילטע עלעמענטן, אינדרויסן פון גאָט — האָבן זיך ערשט רעכט צעבושעוועט, און אזוי ריזיק אויסגעוואָקסן, — אז אפילו גאָט אליין, אין זיין פארעטערישער חרטה — קאָן זיי שוין מער נישט צוימען, פּאַקן און אריינשפּארן די קישקעס צוריק אין געטלעכן טרעלבאַך אריין... זיי, די באפרייטע געדערים, לאכן א ו י ס זיין געטלעכן קאָפּ, זיי שטיפן! און ער — דער אַלטער, ווי מע זעט: פּטרט איצט אוועק זיינע לעצטע יאָרן נעבעך — אין עובר־בטלדיק געיעג נאָך זיינע עלעמענטן: אזוי זעט עס אויס. נאָר, אין דער ווירקלעכקייט: ווערט ער געשלעפּט באַם נאָפּל — ווי אַף דער קייט, ווי אַן אַלטער וואַנזיניקער — פ ו ן ז יי; ווער ווייסט — וואוהין . . . . . . . . . . . . . . . . . זאָג-זשע,

חבר מענטש: צי זעסטו נישט אין דעם — די לעכערלעכע קאָמישע טעאַטער־פיגור פון א איטלעכן אימפּולסיוו־צעבושעוועטן געטלעך־אין־זיךאיינגעליבטן כלעסטאַקאָוו, וועלכער זוכט א וועלט־בינע פאר זיין ראשיקער

עקספּאַנסיע, פאַר זיין אַריבערשווימענדער עקסהיביציע און פאַנאַנדערשפּיל פון זיינע עלעמענטן; אַזוי לאַנג — ביז עס גייט אָן פון ערגעץ דער אָנ־זאָג: — אַז עס קומט אויפטרעטן ד ע ר  ר ע וו י ז אָ ר?... זאָג־זשע: ווער פון אונז, אַזוי צי אַנדערש, איז דאָס נישט — כלעסטאַקאָוו און שכל-רעוויזאָר, אין געראַנגל אָף דער בינע — פאַר א וועלט מיט מענטשן אין די אויגן? פאַר אַן אומשטאַנדהאַפט פּובליקום — אַ מאַסע, וואָס אַקלאַמירט יעדן; וואָס אַפּלאָדירט תמיד — דעם לעצטן זיגער אָפן שלאַכט־פעלד?

---

א) דער גלויביקער האָט תמיד מער הנאה פון זיין גאָט, איידער דער לעצטער — פון אים. ער, דער גלויביקער, זעט נישט זיין גאָט, קיינ־מאָל; און ער געניסט אים, דאַרום — אין זיין בענקשאַפטלעך־מאָלערישער וויזיע — אין שטענדיקער ראַשיקער באַנייונג. דאַקעגן, גאָט — אין זיין אַליינוויסנדער נישטיקייט, — אָ, ער טרעט נישט אָפּ פון זיין גלויביקן קרבן, אָף אַ האָר; והנה עין רואָה, ואוזן שומעת; ער טוט אים פאַרפאָלגן, ווי אַ בייזע באַגלייטעניש, אומעטום: אין זיין אייביקער ווייבעריש־אימפּול־סיווער אייפערזוכט־שרעק: טאָמער, חלילה, בלייבט דער מענטש, איין רגע, אַליין מיט זיך — און ער וועט אויפדעקן, פּלוצים, זיין פאַטאַלן טעות: אַז ער איז אייביק אַליין........ „טאָ: ווי־זשע — זאָגט — קאָן דאָ זיין די רייד פון הנאָה?...

ב) צי גאָט אַליין גלויבט אין גאָט? ווי די פּרווי — ניין. ווי זי — מוז ער האָבן נאָכאַנאַנד די וועלט־פּאַראַדע, אונזער לויב: כדי צו דער־שטיקן אין זיך דאָס געפיל פון גאָרנישט ווערט זיין. און כאָטש ער ווייסט, (ווי זי): אַז אונזער פּוקפּישע חניפה־לויב צילט בלויז צום שטיקל סעז, וואָס שטעקט אַרויס פון זיין קראַישן פּיסק, — דאָך איז די חניפה אים אַלץ ליבער פון אונזער שווייגן אינגאַנצן. ווייל פאַר קיין זאַך אין דער וועלט האָבן זיי ביידע — גאָט און פּרווי — אַזוי נישט מורא, — ווי פאַרן שרעקלעכן עלנט; פאַרן בלייבן אַליין, אָן פאַרערער, אָן גלויביקע, אָן ליג־נער.

ג) פאַרוואָס האָט גאָט אָפּגעשטעלט דעם מבול? — ער האָט זיך פאַר־בענקט צו דער טעאַטער־פּאַראַדע.

ד) מתחילה ברא את העולם במדת הדין: האָט ער — דער אימפּולסי־ווער עגאָ־צענטריקער, — באַשאַפן די וועלט — מיטן גאַנצן האַס, וואָס ער האָט צו איר געשפּירט. האָט ער אָבער געזען: אַז די וועלט — דאָס צושוי־פּובליקום, וועט נישט אויסהאַלטן — דאַן פאַרלירט ער זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, אַלס וועלט-אַקטיאָר, — הלך ושיתף לעצמו מדת הרחמים: האָט ער געמוזט צונעמען פאַר אַ שותּף צו דער טעאַטער־עמפּרעסע — די ליבע. (פון האַס צו ליבע איז איין שריט.) וירא אלוהים,

כי טוב: און ער האָט פלוצים אנטדעקט — אז ער איז  ג ו ט...

ה) וירא אלוהים כי טוב: אז ער איז גוט. נארציס דער געטלעכער אַק־טיאָרשטשיק, דער בלינד־פארליבטער אין זיך זעלבסט, — שפיגלט זיך, עקסהיבירט־זיך: אין זיין צירקוס־ווערק, וואָס ער האלט אין אויפשטעלן; אין דער נאטור־דעקאָראציע און אין דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן. ארום אים — בעפאָר ער טרעט  א ו י ף  שפילן זיין קאָמי־טראגישע טעאטער-ראָל פארן מענטשן-פובליקום — און ער געפעלט זיך; ער פארליבט זיך נאָך־פלאמיקער אין זיך־זעלבסט, און ער אפלאָדירט נאָך שטארקער זיך־אליין!... איצט, איז די זאָרג פארן פובליקום בא אים קליין; ווייל — נעשה אָדם בצלמנו כדמותנו: אז די השגות פונעם צושויער זאָלן קיינמאָל נישט גיין ווייטער פונעם אקטיאָרשטשיק.

ו) נצחון איז, אָפט מאָל, א מפלה; נאָר — נישט תמיד...... דער מאן דעראָבערט די פרוי; נאָר — די פרוי האָט גאָר דעראָבערט דעם מאן: ווייל „קיין זאך אין דער אין דער וועלט מאכט נישט אזוי אלט, ווי גליק". (אָ. ווײַלד.)...דער מענטש שאפט די עקאָנאָמישע באדינגונגען. נאָר, דערנאָך — שאפן זיי איבער (און דערהויבן) דעם מענטשן...... דער קינסטלער באַ־שאפט דאָס קונסט־ווערק. און, פון אצינד און ווייטער: שאפט איבער דאָס קונסט-ווערק (און דערהויבט) דעם באשעפער...... דעם ברוטאלן ביבלישן גאָט־טעאטראל האָט זיך פארגלוסט שאפן א וועלט־טעאטער. נאָר, דער־נאָך — זע, ווי דאָס פובליקום האָט אים אויסגעמענטשלט! „אָט פאר־פלייצט ער, מיט זיין צאָרן, די וועלט! מבול!  א ו י ס — לעבן!..." — נאָר, דאָ איז אים אונטערגעקומען די דעגענערירטע תאווה צו דער פּאַ־ראדע, צו די אָרעמע מענטשלעכע אפלאָדיסמענטן... — און דער טיראַן־אקטיאָר האָט פארדריקט מיט די ציין, געוואָרן נאָכגעביקער און... דער־הויבענער.

ז) בראשית ברא: צוערשט — האָט אים א שפּאר-געטון דער עקסהיבי־ציע־אינסטינקט, דער בלינדער טעאטראלער אימפולס צו אויסגע־שפּאנטן פארברעכערישן קאָכיקן געגנוס אין זודיקן שוים פון כאאָס; עס הייסט, זיך צו פרעזענטירן, ווי א קראנקהאפטער סימפּטאָמאטיקער — מיט זיין גאנצער צעשטערונגס־קראפט!, — און — ע ר  ה אָ ט  ג אָ ר  ב אַ ש א פ ן:  פאטאל — קעגן זיין ווילן, קעגן זיין ווילן — האָט ארויסגעשפּארט פון אים  א  ט י פ ע ר ע  ק ר א פ ט  און, ווי אף עמיצנס אן  א י ב ע ר ג ע ט ל ע כ ן  באפעל, גאָר באשאפן!... שפּעטער, ווען ער — דער ברוטאלער גאָט־אקטיאָר — איז געקומען צו זיך און דער־זען, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטון: געגאן און באשאפן אזא ממזרישע קרעפּ־טיק געזונטע בצלמו ודמותו דזשונגל-וועלט ווי ער, אזא געמיינע שלאַנ־גען-וועלט ווי ער — האָט ער דאָך באנומען: אז דער בראָך צו אים איז גרויס!, — וירא אלוהים כי טוב: אז ער האָט א גוטע צרה אָנגעאר־

בעט!, — : ווייל אויב ער אליין איז אזא ווילדער ברוטאלער מורד, אזא ווילדער אומגעצוימטער עגאָצענטריקער וואָס קאָן קיינעם, אויסער זיך, נישט פארטראָגן, — וועט דאָך, א וודאי, זיין ברוטאלער באשאף אויך בעסער נישט זיין — אזוי רעבעליש־ווילד ווי ער אליין!, — וועט ער זיך, א וודאי, כאפן אף זיין קראפט — (זיין באשאף) — און פארענדיקן מיט דעם, וואָס ער וועט אים, דעם אלטן נארישן טאָטעם — ווי אן אויסגע־שפיגעלטע ליג — פארטרייבן אין אלדע שווארצע יאָר! ווייל, אין דער אמתן: צוואוואָס דארף ער אים? צוואוואָס דארף יונגע קרעפטיקע אויפ־גייענדע וועלט — אן אלטן אָפגעלעבטן נאר, וואָס האָט זיך געלאָזט פאנ־גען, אין געיעג נאָך אביסל טעאטראליש עקסהיביציע-גליק? (קיין זאך מאכט נישט אזוי אלט, ווי גליק. אָ. ווילד.)......... און ער איז אריין אין זיין ווילדן גרימצאָרן, געגומען אפזיכטלעך צעשטערן דאָס געבויעטע; הקב"ה בונה עולמות ומחריבן; מיט צעיושעטער לוסט, געזוכט צו פאר־גוואלדיקן אומברענגען דעם אייגענעם באשאף; צעשטערן באַדאי זיך אליין, אויסרייסן לאָז זיין דאָס אייגענע שעפערישע פון זיך, אלץ צו כאאָס באַ־קערן און — א סוף זאָל עס נעמען!..... נאָר געזען, אז עס העלפט נישט: ווי א נעטריבענע בעסטיע דורך א העכערער פאטאליטעט — טוט ער אלץ ווייטער שאפן און שאפן אָן א עק!, — און ער האָט שוין גענומען אליין, (כיטרע־בעסטיאליש־אוואנטוריסטיש, נאָר — אלט־פארצווייפלט,) און באשאפן דעם מענטש — אויך כצלמו ודמותו: מיטן באהאלטענעם שונא אינעווייניק — מיט דער געמיינער שלאנג, דער פארגעטערטער פרוי — אינעם מענטש: אז ער זאָל זיך איינרעדן — דער יונגער אומדערפארע־נער מענטש: „אז ער איז פריי, אליין, אלמעכטיק, אף אים לויערן נישט קיינע געפארן"... ... ... נאָר, ווען ער האָט צוגעזען: אז דער מענטש — א פרייער, אן אומגעשטערטער — גייט ארום אליין **און ער טראכט,** און ער זוכט עפעס, ער שנאפט די לופט: פונקט ווי ער וואָלט שפירן ער־געץ, ארומזוכן דעם באהאלטענעם שונא..., — האָט ער זיך בארעכנט, די גאָט-בעסטיע: אז ער האָט ווידער א פאטאלן טעות געמאכט מיט זיין לעצטן באשאף, דעם מענטש; אז לא טוב היות האָדם לבדו: ער גייט ארום אליין און ער טראכט: ווער-זשע ווייסט, צו וואָס ער קאָן זיך נאָך דער־טראכטן? נעשה לו עזר **כנגדו**: זאָל קומען גלייך די הילף — **קעגן אים!** „— דרינגנד! אומבאדינגט!"......... און ער האָט גענומען און איינ־געשלעפט דעם מענטשנס וואכזאמקייט; און ארויסגעלאָזט פון אים דעם געמיינעם שונא, די פארגעטערטע שלאנגען־פרוי — אף דער פריי; ויבן ה' אלוהים את הצלע: און ער האָט אויפגעבויעט די אייביקע תפיסה פארן מענטש; אז דער מענטש זאָל אייביק זיין געפאנגען אין די נעגל און געפירט פון דער שלאנג; אָבער ביידע — סיי מענטש, סיי שלאנג־פרוי — פ ו נ ע ם ל ע ב ן; א טייל, כלומרשט, פון דער וועלט...; וועלן זיי אומגיין ביידע

— א י נ ע ר ה א ל ב ד ע ם ל ע ב ן, (נישט ווי ער — גאָט אליין, דער אָפּגעגאַרטער, דער ווילד־פּרעמדער, פון לעבן דער פאַרשטויסענער;) וכבשוה ורדו: און זיי ווילן עס זוכן צו באַצווינגען, דאָס לעבן; און זיי ווילן עס קאַלויטען; אַז עס זאָל אויפרייסן צעפּיצלען־זיך, איינס דאָס אַנ־דערע; אפשר, אַזוי אַרום, מענטש־קרוין, וועט נעמען אַ סוף! אַז דאָס, וואָס גאָט אַליין האָט נישט באַוויזן צו טון — זאָל אַרויסענדיקן דער מענטש, זיין באשאף! „און ווידער וועט אַלץ האָבן צוריקגעקערט צו כאָאָס, ווי געווען!"........ נאָר, מיט וואָס האָט זיך עס איצט אויסגעלאָזט? — אַלץ ווידער פאַטאַל פאַרן אָרעמען ברוטאַלן גאָט. דער מענטש האָט דערוואַכט פון זיין שלאָף; דער מענטש האָט גענומען ד ע ר פ א ר ן; און דער מענטש האָט גענומען ר ע ב ע ל י ר ן קעגן דעם טיראַן דעם נעכט־לעבן — אין אַלע זיינע געשטאַלטונגען. דער מענטש — דער קין; וועלכער האַלט זיך נישט אָפּ אומצוברענגען — דעם הבל, דעם שטות, מיט דער קאַלב, מיט זיין גאָט, מיט זיין פייער־אָפּפער צוזאַמען! אָ, דער שטאָלצער פאַרשאַלטענער קין־פּראָמעטעוס: וועלכער ברענט אויס, אייביק און איי־בעראַל, דאָס געטלעכע טיפּשות פון דער ערד; אַלע אַלע שלאַנגיש־געמ־לעכע טיפּש־פּרעזענטאַציעס; — אַז אויפבליען פריי אויף דער ערד זאָל, אָ, די גרויסע הערלעכע מענטש־פרייהייט!

---

**א)** דער טייוול איז קיינמאָל נישט אַזוי שרעקלעך, ווי מע מאָלט אים. ער איז — אַסאַך שרעקלעכער.

**ב)** נעשה אדם בצלמנו כדמותנו. זכר ונקבה ברא אותם. עס הייסט — גאָט, אין דו־פּרצופין: טייוול־סטרא־אחרא, און פרוי. דערפאַר, האָט ער — אויס־דעם־מענטשן, באַלד אויסגעטיילט די פרוי: פּונקט ווי אין ז יי נ ע פאַראַכוועס איז — אין מלכות אחת נוגעת בחברתה אף כמלוא נימא........ אָבער, אַלציינס ווי אין דעם טייוול־מענטש איז עפּעס פאַר־בליבן שטעקן אינעווייניק, נאָך דער אָפּעראַציע — אַט דער אייביקער געמיינער רייץ צו דער פרוי, — פּונקט אַזוי, פאַרקערט, איז אין דעם שלאַנגישן פרויען־גאָט פאַרבליבן־שטעקן עפּעס — נאָך דער אָפּעראַציע איבער זיך — פון דער סיטרא־אחרא, פונעם טייוול: אַט דאָס טייוולש־מענטשלעכע אין זיך, וואָס ער באַגרייפט נישט; וועלכעס איז, אָבער, שטאַרקער פון אים; עס ציט אים צו זיך אומווידערשטיילעך; און וועל־כעס האָט אים, גאָט, אייגנטלעך, געשטויסן, אין געהיים, צו באַשאַפן זיין נאָכפאָלגער — דעם טייוול־מענטש, אויף דער אָרענע פון דער וועלט.

**ג)** גאָט קאָן נישט זיין — גאָט, אויב טייוול איז נישט — טייוול. די עקזיסטענץ פון גאָט באַדינגט די עקזיסטענץ פון טייוול. דער אויפ־שיין פון גאָט באַדינגט דעם אויפשיין פון טייוול. נעמט צ ו דעם טייוול — און עס פאַרגייט, עס בלייבט אָפּ, עס פאַרשווינדט די דערשיי־

נונג פון גאָט. גאָט און טייוול זענען גורלדיק גרויזאם פאטאל געבונדן.
גאָט און טייוול זענען איינס. טייוול, דאָס איז — די ליכטיקע זייט פון גאָט; זיין עקזיסטענץ־בארעכטיקונג. טייוול, דאָס איז — דער פאַרשטאַם פון מענטש. אזוי ווייסט צו דערציילן אונזער השגה פון גאָט מענטש און טייוול. אויסער אונזער השגה ווידער — דער מ ע נ ט ש ל ע כ ע ר — איז, סיי־ווי, גאָרנישט ווערט; גאָרנישט בנמצא אפילו.

ד) א י י ב י ק — אָן דעם וואוקס, אין פארגיין און אין אויפגיין, —
איז — דער ס ט א ט י ש ע ר ט ו י ט. אזוי איז: אייביקע ליבע, אייביקע יוגנט, אייביק לעבן; בכלל, די פערפעקטע אייביקייט; דער סטאטיש־פערפעקטער גאָט: וועלכער איז, דארום — מער טויט, ווי לע־בעדיק... בעסער איז שוין דער גורל פון — א ו מ פ ע ר פ ע ק ט ן גאָט: אין וועמען דער ד י נ א מ י ש ע ר טויט האלט אייביק א ו י ף דאָס אומשטערבלעכע מענטשלעכע פייערל פון לעבן...

ה) די עקזיסטענץ פון — ט אָ ג קאָן אנדערש נישט באגריפן ווערן, סיידן דורך דער עקזיסטענץ פון — נאכט; (און פארקערט.) די נאכט איז — די דיסטאנץ, אף וועלכער אונזער דמיון שטעלט זיך, א י ן פ ע ר ס פ ע ק ט י ו ו: כדי צו דערזעען, אף איר פאָן — דעם טאָג. (און פארקערט.)... אזוי פונקט — ג אָ ט ־ א י ן ־ ז י ך, — קאָן זיך אנדערש נישט ארויסזעען, נישט באנעמען, נישט באגרייפן — אָן זיך צו שטעלן, א י ן פ ע ר ס פ ע ק ט י ו ו, אף דער דיסטאנץ פון — מענטש, טייוול, וועלט: וועלכע ווערן פאר גאָט — דער פאָן... (און פארקערט.)......
די וועלט, דער מענטש, דאָס לעבן, דער טייוול, — דאָס זענען, אזוי צו זאָגן — ק ו ל ט י ו ו ן, אין דער געטלעכער לאבאראטאָריע: וואו — א י ב ע ר אָ ל ע ק ו ל ט י ווען, וואכט דער פאַרשערישער בליק פון א יי נ צ י ק ן א י ך — פון גאָט: כדי, ז י ך א ל יי ן צו ד ע ר ז ע ע ן — אין א נייער רייף־געוואָרענער אנטפלעקונג: וואו אלע קולטיוון זענען — נייע אינטערפרעטירונגען פון — א יי נ צ י ק ן א י ך; וואו אלע קולטיוון — א ל ע וו ע ג ן, פירן בלויז — צום א יי נ צ י־ ק ן ה ע כ ס ט ן א י ך א ל יי ן. (און פארקערט.)

ו) גאָט האָט ארויסגערופן די גייסטער, נאָר ער קאָן זיי נישט באהערשן.
בראשית ברא: צוערשט, האָט באשאפן — דער אימפולסיווער דראנג נאָך עקספאנסיביטעט; ווייל גאָט איז — בלינדער אימפולס, טעזע, נישט שכל; און ער האָט נישט אָנגעהויבן צו אנען — אז ער גייט באשאפן א וועלט מיט שכלדיקע מענטשן; עס איז געשען — אומגערן, קעגן זיין ווילן. וירא אלוהים כי טוב — אז ער האָט אָנגעארבעט א גוטע צרה...... שכל איז — קעגנזאץ פון גאָט; און ער האָט זיך — זיין אייגענעם עקספאנסיביטעט עקספאנסיע־דראנג. שכל איז — דער ריס אין גאָט; דער צעשטערער פון

זיין געוועזענער גאַנצקייט. אין גאָט, תּחילת, איז אַלעם געווען — גאַנץ;
ווי בא א פּרווידיאַנישן מאַניאַק. דער אימפּולסיווער גאָט־איך האָט גע־
הערשט אומבאַגרעניצט איבער זיך... אָבער: אומעטום, נאָך אין פאָר־
בראשית, — איז אים נאָכגעגאַן, טראָט־בא־טראָט, ווי א שאָטן — דאָס
פאַרקערטע: דער טייוול־איך, (די אַנטיטעזע); וועלכער האָט, סענטיק,
עפּעס געוואוסט; וועלכער איז אַזוי אַלט געווען, אפשר, ווי גאָט אַליין;
וועלכער האָט, א וודאי, געהאַט אין ערגעץ אַריינגעשנאַפּט — אין די מיס-
טעריען פון כאַאָס; און מע קאָן נישט פון אים פּטור ווערן... ער איז —
די שרעק פון אימפּולסיוון גאָט-איך. ער איז — זיין נעגאַציע. ער איז —
דער אָפּקעמפּער פון גאָטס אומבאַגרעניצטער מאַכט. ער איז — דער טייוו־
פלשער שכל־איך; וועלכער אַנטפּלעקט זיך, שפּעטער, אין זיין פולער קראַפט
— אינעם מענטש; און ער רויבט אַוועק בא גאָט, דעם אימפּולסיוון מאַ־
ניאַק — זיין פאַרבלענדעטע גאַנצקייט, זיין ענגהאַרציקע רו; ער דעקט
פאַר אים אויף, מיט שווידער: „אַז ער, דער טייפלשער שכל־מענטש. איז
— אַן אומאָפּטיילבאַרער אומבאַהערשלעכער זייל פונעם זיין; א אַלמעכ־
טיקער שונא פון גאָט אַליין — וועלכער איז נישט מער, ווי א טייל
פונעם זיין; און דאָס — די סאַמע אונטערשטע: פונעם כאַ־
אָס..." און ער — דער אימפּולסיווער גאָט — וועלכער איז שוין נישט מער
גאַנץ, וועלכער דערשפּירט אין זיין מהות אַזאַ טיפן דראָענדן ריס, — איז,
נעבעך, טיף-אומגליקלעך.

ז) גאָט עקזיסטירט נישט. ער איז — דאָ. עקזיס-
טענץ מיינט: פאַרענדערלעכקייט; דער גאַנג צו פּערפעקציע. דאַ־
קעגן, גאָט איז: די אומפאַרענדערלעכע פּערפעקציע. ער איז דאָ, דאַ־
רום — ווי דער אומפאַרענדערלעכער פּערפעקטער (אין־זיך) טעזע־עלע־
מענט: אינעם קאָסמאָס; אין אַלגעמיין — אין דער טויטער, אין דער אומ-
אָרגאַנישער נאַטור. און ער איז דאָ — ווי דער אַלציינער אומפאַרענדער-
לעכער פּערפעקטער (אין־זיך) טעזע־עלעמענט — אין דער לעבעדיקער,
אין דער אָרגאַנישער נאַטור; און אינעם בעל־חי און אינעם מענטש: אין
דעם געשטאַלט פון — בלינדן אייביק־אומפאַרענדערלעכן, פינצטער־פּער־
פעקט אין זיך איינגעגלויבטן — אימפּולס. אָט אַזוי איז דאָ — גאָט, דער
אומפאַרענדערלעך-פּערפעקטער... ... ... דאַקעגן, עקזיסטירט:
דער אומפּערפעקטער, אימער־פאַרענדערלעכער (אין זיך) אַנטיטעזע־עלע־
מענט — אין אייביקן דראַנג צו פּערפעקציע. ער עקזיסטירט
אַזוי — אייביק-אומרואיק, אומפּערפעקט, פאַרענדערלעך (אין־זיך, עס
מיינט, אין זיין מהות, אין זיין כאַראַקטער): אינעם קאָסמאָס; אין אַל־
געמיין — אין דער טויטער, אין דער אומאָרגאַנישער נאַטור. און ער
עקזיסטירט אַזוי — אומפּערפעקט, פאַרענדערלעך, אין דעם אַל־
ציינעם אייביק-אומרואיקן דראַנג צו פּערפעקציע: אין דער לעבעדיקער,

אין דער אָרגאַנישער נאַטור; אינעם בעל־חי; און אין דעם מענטש: וואו
ער נייט אויף — דער אנטיטעזע־עלעמענט — אין דעם געשטאַלט: פון
ליבטיקן, אימער־אומרואיקן, אייביק־צעשטערנדן, תמיד־זיך־באַנייענדן —
דעמאָן־אינטעלעקט........ אַט אזוי איז דאָ, און עס  ע ק ז י ס ט י ר ט:
גאָט, און טייוול־מענטש.

ח) גאָט, טייוול, און מענטש, — דאָס זענען — מידות, אינערהאַלב דעם
מענטשנס גייסט..... אין די אַלטע צייטן, — האָט מען די ערשטע
צוויי — אין הסכם מיט די קלאַסישע קונסט־פאָרמען, (וועלכע זענען, א
וודאי, געווען־געבליבן פארשקלאַפט צו א באַשטימטן קולטן־אָרט,) — ארויס־
געשטעלט פאר — באזונדערע סוביעקטן — אויסערהאַלב און  א י ־
ב ע ר  דעם מענטשן...... ביז עס איז נישט אויפגעקומען די נייע צייט:
זי האָט, מיט איר קריטישן חוש, איינגעוואַלגערט פאַריינמאָל אלע די פון־
ווערים־שוין־לאַנג־געווען־צעגריזשעטע קולט-אָרטן; זי האָט איינגעבראָכן,
מיט רעוואָלוציאָנערן שטורעם, אלע אַלטערטימלעכע תפיסה־פעסטונג־
איינשטעלונגען פאַר וועלט און לעבן; און ארויסגעלאָזט אַף דער פריי דעם
דערוואַכטן מענטש: ער זאָל צוטרעטן איבערשאַפן פונדאַסניי זיינע ווער־
טן — אין און ארום זיך; און, אין דעם — איינשטעלן נייע פרייע פאָרמען
פאַר דער  מ ע נ ט ש ־ ק ו נ ס ט:  וועלכע ווייזט  א י ם,  דעם מענטש
— שוין אין צענטער פון אַלץ; און ווי, אינערהאַלב זיין געמיט — אזויווי
אין א נייער תפיסה־פעסטונג אַלציינס, אזוי אומענדלעך ווי דער גאַנצער
אַלוועלט, — טוען אייביק בושעווען — אין אומויפהערלעכן פינצטערן
און לויטערן געראַנגל  א י ב ע ר  א י ם — גאָט, און טייוול־מענטש —
די אייביקע נעפאַנגענע מידות, פונעם מענטשלעכן גייסט.

ט) וואָס־זשע איז פאָרט דער מענטש, האַ?... ער קאָן בלייבן לעבן, און
ער פילט זיך גאַנץ־נישטקשה, אפילו דאַן: ווען מע שניידט אויס בא
זיין מיטמענטש — די קישקעס פון בויך. מיט איין וואָרט: ער, דער מענטש,
קאָן עקזיסטירן בלייבן: אָן יענעמס גדערים, אָן יענעמס נאָז, אויגן, אוי־
ערן, מויל, מאָגן, האַרץ און קאָפּ. אפילו, ווען מע זאָל צעשניידן זיין
חבר — אַף שטיקער. אפילו, ווען מע פאַרטיליקט — די גאַנצע וועלט מיט
מענטשן! אזוי, אלנפאַלס, דוכט זיך אים אויס... און דאָך: ווען ער בלייבט
איינגאַנצן אליין, — קאָן ער נישט לעבנבלייבן,  א ל ס  מ ע נ ט ש.
מוז ער אונטערגיין... ער,
דער מענטש, קאָן זיך אפילו פארגינען דעם נחת — אמאָל, אין זיין פאַר־
ביטערונג: — אָפּצוקערן איינגאַנצן פון א וועלט מיט מענטשן; אוועק אין
מדבר, אין וואַלד; זיך-אָפּשליסן פון יעדן; זיך-איינשליסן גענצלעך —
אין זיך אליין... און דאָך — אויסהאַלטן; און לעבן־בלייבן, אלס מענטש!...
אָבער: ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן, — ווען — ווייט־ערגעץ פון אים,
לאָז זיין — : ע ק ז י ס ט י ר ט  ד אָ ך — ד י  ו ו ע ל ט,  מ י ט

א י ר ע מענטשן; און עס ש ל אָ ג ט ד אָ ך — ד אָ ס ל ע ב ן — פונוואנען ער איז אוועק... איז: אַט פון ד ע ם קוואל שעפּט ע ר, דער מענטש, זיין חיות. און מיט ד ע ם כוח — לעבט ער, אלס מענטש...... מיט איין וואָרט: עס מוז זיין א וועלט אף דער וועלט: פונ־וואנען צו קענען אוועקגיין — ווען מע וויל; און וואוהין — אז דער ווילן קומט — מע זאָל קענען צוריקקערן...... ווייל: דער מענטש איז מסוגל צו אריבערטראָגן די איינזאמקייט — נאָר ק ע ג נ י ב ע ר ד ע ם ל ע־ב ן . . . דאקעגן: די איינזאמקייט — קעגניבער דער איינזאמקייט אליין, — דאָס האָט דאָך אפילו דער פערפעקטער כביכול גופא אייביק נישט גע־קאָנט אויסהאלטן; ער האָט, ממש, זיך־געשטיקט, אין זיין געטלעכער איינ־זאמקייט; און — על אפו וחמתו; און, נישט געקוקט דאָרויף, וואָס, אין זיין געטלעכער העלזעענדיקייט, האָט ער פאָרויסגעפילט און געזען: ווי ער גייט ברענגען בידים אן אומגליק אף זיין קאָפּ און אף זיינע אלטע יאָרן; א אומגליק, וואָס וועט באגראָבן צום טויט זיין גאנצע צערעמאָניא־לע פערפעקטקייט, מיטן פרעסטיזש, מיט אלץ מיט אנאנדער, — האָט ער דאָך גענומען; און אויפגעדראליעוועט א וועלט־חתונה — מיט א מענטש, מיט א טייוול... אבי — וואָס?... כדי — אהער, אהין — אָבער עס איז אים ד אָ ך — געוואָרן היימלעכער — זיין פערפעקטע איינזאמע נודנאָ־טע צו פארטראָגן :ווען אנטקעגניבער דיר צאפּלט, אין טויזנטערליי זינד־קאָלירן און חן־שטראלן — דאָס יונגע קרעפּטיקע לעבן פונעם טייפלשן פארוויילער — דעם מענטש־אקטיאָר...

י) ויהי ערב ויהי בוקר יום אחד; און נישט — לילה אחד. נאכט איז א טייל פון טאָג; און נישט — פארקערט.

---

א) דעמאָקראטיע, און רעליגיע... דאָס דעמאָקראטישע מלוכה־סיסטעם האָט די פליכט: אָפּצעטיילן די רעליגיע פון שטאט און זי דערקלערן פאר — יעדן בירגערס־באזונדער שטרענג־אינטימער אָנגעלעגנהייט — אזויווי ליבע, אלציינס — וואוהין דער פרעמדער בליק האָט נישט קיין רעכט אריינצודרינגען . דאקעגן, די דיקטאטאָרישע מאָנארכיע איז צ ו ז א מ ע נ ג ע וו אָ ק ס ן מיט איר פאָרבילד — דער רעליגיע. ווייל, די געטלעכע מלוכה איז — אין קעגנזאץ צו דער א־טעישער דעמאָקראטיע (די ליבע) — דיקטאטאָריש־אייביק. זי קאָן נישט געוויילט ווערן, (ווי ליבע.) זי קומט נישט פון אונטן — ארויף, — נאָר פארקערט. (און די „ליבע" צו איר איז — א מוז...)

---

## ק ו נ ס ט, וו ע ל ט, ל ע ב ן.

א) הרוצה לשקר, ירחיק עדותו: די סינסטלערישע אימאזשינאציע ברויכט

צו האָבן — דיסטאַנץ.

ב) די קונסט זעט אין אַלץ — די עסטעטיק. די עקלהאַפטע מיאוסקייט און די שרעקלעכסטע אבשייַלעכסטע פּיין מאָלט דער עכטער קינסט־לער — נ אָ ר ש י י ן.

ג) טאַלאַנט אָן קולטור איז — בלינדער אימפּולסיווער דראַנג צו אומ־זין, צו צעשטערונג. בלויז די באַהעפטונג מיטן מענטשנס קולטור־געשיכטע מאַכט דעם טאַלאַנט — הומאַניטאַר, סאָציאַל.

ד) דער ליידנשאַפטלעכער פּאַטענטער וואַנזין פון דער קונסט שאַפט און געבערט (ווי אין לעבן) — לויטער רעאַלן פאַרשטאַנד.

ה) נישטאָ עטוואָס מער עקלהאַפטערס — ווי א ו י ס ט ו ן דער פרוי נאַקעט. נישטאָ עטוואָס שענערס, ווי — אָ נ ט ו ן דער פרוי נאַקעט. עס איז די בילד־שיינהייט, דער דיספּראַז פון דער קונסט, פון דעם וועלט־באַשאַף. ויהי שניהם ערומים ולא יתבוששו.

ו) קונסט איז, ווי די פרוי: דו מוזסט איר פריער גוט אָנטון, ב י ל ד־ש יי ן — אַז זי זאָל איינוויליקן, דאַדורך: זיך אַליין אויסטון פאַר דיר; אַנטפּלעקן מוטער־נאַקעט, ווי זי איז.

ז) איר פרעגט: צוליב וואָס — דאָס בילד? ווייל קונסט, עסטעטיק, דאָס איז — הווילער פּעסימיזם. איר זאָגט: — הומאַניזם? — דאָס איז אויך — אַ באַפּוצונג; די זעעלישע עסטעטיק. הינטן ברומט דער ברוּ־טאַלער דזשונגל־מאַן. וואָס־זשע בלייבט — אַ חוץ דעם בילד, דער אַק־טיאָרן־מאַסקע, דער טעאַטער־שפּיל, דער פאַרשטעלונג, דער פאַרשטעלונג?

ח) די אייפערזוכט פון דער קונסט איז, ווי פון דער פרוי: דו, ווער צו איר אומדיפערענט — איין רגע, — און זי וועט עס דיר שוין קיינ־מאָל נישט שענקען.

ט) די קונסט איז — דער ווייזער פון דער צייט. זי איז, ווי דער זייגער אַלציינס. אינעווייניק, פאַרבאָרגן — דער קאָמפּליצירטסטער מעכאַניזם; נאָר פאָרן אויג — די קלאָרע ציפערבלאַט, די צייט... און וואָס מער דער געהיימער מעכאַניזם איז איידעלער, קאָמפּליצירטער, — אַלץ קלאָרער, גענויער ווערט אין פאָרנט אָנגעגעבן — דאָס בילד פון דער צייט.

---

שטעלונג פון דער קונסט, — פאָדערט זיך — דיסטאַנץ. פון דער

א) הרוצה לשקר, ירחיק עדותו: אַף צו דערזעען די אומענדלעכע פאַר־נאָענט, — זעט זיך נאָר אָן: די אָרעמע באַשרענקטע השגה פונעם — לעבן.

נאָך די איידעלע מאַנירן פון אַ אינטעליגענט.

— אַזאַ טעם האָט עס. פונקט, ווי אַן אַרויפגעאַרבעטער כאַם מאַכט

ב) דאָס לעבן מאַכט נאָך דער קונסט — האָט געלערנט אָ. ווײַלד. איז

ג) יאָ, אַלץ איז שיין און איידל — אין דער דיסטאַנץ פון דער קונסט: אַזוי — דאָס רחמנות, אַזוי — דאָס פאַרברעכן. די שיינקייט אין

דער קונסט איז מכפּר אַף אַלץ. נאָר, די באַנאַליטעט פונעם לעבן איז — אַן אומפּאַרציילעך פאַרברעכן.

ד) דער קינסטלער איז — אַן אַסקעט, אַף זיין וועלט־בינע פון קונסט; און דעם לעבן אַליין איז ער קיינמאָל גאָרנישט שולדיק. ווייל: אַ געמאַכטער פאַרשפּרעכן  אין דער קונסט  איז אינעם לעבן נישט מחיב.

ה) פּונקט ווי דאָס לעבן איז — די דעקאַדענץ פון דער קונסט, — אַזוי איז אויך די קונסט — די „דעקאַדענץ" פונעם לעבן.

---

א) די רעוואָלוציע איז — אַן עקספּערימענטאַל טעאַטער, אין אַלוועלט־לעבן פאַרנעם.

ב) געשיכטע איז — קונסט, דיכטונג, וויזיע. ווען אַלע לעבעדיקע פּאַס־טן פאַרגייען, — וואָס בלייבט דען מער — אַ חוץ דאָס פאַרצייכנטע: דאָס וואָרט, דער קלאַנג, אַלס ווי דאָס איינציק־געשעענע — די אויס־דיכטונג?!

ג) די געשיכטע שפּילט טעאַטער. יעדער דור — מיט זיין גרים, מיט זיין דיספּראַז: לאַנג־און־קורץ־געקליידעט, מיט און אָן אַ באָרד. מע זעט עס איין אַזוי קלאָר: ווען דו נעמסט באָאַבאַכטן דעם קאָמיש־געוואָרענעם הולך פון אַ אָפּגעגאַנגענעם דור...... נישט איינמאָל, אינעם אַלטן שטעטל, האָט זיך אויסגעדוכט: אַז ווען דו גייסט־צו צו־טאַטעס פון קינדער און דו רייסט באַ זיי אַראָפּ די גרים־בערדלעך, די לאַנגע קאַפּאָטקעס, — אַזוי וועלן גלייך אַפּערשפּרינגען אַזעלכע יונגע לוסטיקע זאָרגלאָזע אינגלעך, וואָס קלויבן זיך ערשט גיין שפּילן, איבערקערן אַ וועלט!...

---

א) דער קינסטלער ריכט אויף די צעשטערטע רעליגיעזע לעגענדע — פון  דער  וועלט און פון  יענער  וועלט.

ב) ווען דער קינסטלער לעבט איבער זיין העלדס טויט, — לעבט  ער  איבער — זיין אייגענעם.

ג) אַז מע שרייבט, דערשרייבט מען זיך; פּונקט ווי אַז מע רעדט, דער־רעדט מען זיך; און אַז מע שווייגט, דערשווייגט מען זיך.

ד) דער קינסטלער, מיט זיין שטאָלצן פּאַטאָלן ווידוי, איז — דער מסור און פאַרעטער אַף זיך אַליין.

ה) קינסטלער איז נאָר דער, וועלכער שאַפט. די פּאַטענץ אַליין, אָן דער טאַט, שטאַרבט... נאָך אין ליבאַוויטש האָט מען געלערנט, אַז: למדן איז נאָר  יענער,  וועלכער איז, צו גלייכער צייט — אַ לומד. פּונקט ווי גנב איז נאָר דער, וועלכער איז — אַ גונב.

ו) דער קינסטלער מאַכט תמיד באַשטעלונגען — מיט  זיך  אַליין.
דער קינסטלער איז פּיל־איכיק. מיט וועמען ער זאָל נישט רעדן — רעדט ער אַלץ מיט זיך אַליין: יעדעם מאָל — מיט זיינעם אַ אַנדער איך.

ער פֿאַרפֿלאַנצט אין יעדן איך זיינעם — אַ קערנדל־זריעה. שפּעטער, קומט ער זעען: וויאַזוי זיין איך-קולטיוו איז געוואָקסן...... דער קינסטלער אַליין בלייבט אייביק אַליין.

ז) די פּאַטאַליטעט זאָגט קיינמאָל קיינעם אין אַלץ נישט אָפּ. אַזוי אויך — דעם קינסטלערס פּאַטאַליטעט. זי נעמט אַוועק באַ אים דעם גע־שמאַקן פּאַטאַלן גענוס פונעם לעבן — אַ אומהיילבאַרע קרענק, וואָס פירט אומפאַרמיידלעך צום טויט; דערפאַר באַשענקט זי אים, אַלס באַלוינונג, מיט דעם איינציקן געטלעכן פּאַטאַלן גענוס, וואָס עס גיבט — מיט דער וויזיע־קרענק: וועלכע פירט, אַלציינס, אומ-פאַרמיידלעך, צום טויט.

ח) פאַרוואָס־זשע פאָרט קאָן איין קינסטלער נישט אָפּשאַצן דעם צוויי־טן?... זאָגט אָסקאַר ווײַלד: ווייל די געטלעכע רייטוועגענער הויבן אויף אַזאַ געדיכטן שטויב אַרום זיך, — וואָס פאַרשטעלט איינעם פאַרן צווייטן און וועלכער פאַרהילט אַלץ איין מיט זיך........ עס הייסט, אין אַנדערע ווערטער: אַז קונסט קאָן נישט זיין אָנזעעוודיק — אַף קונסט; אַזויווי וויים — אַף וויים, אַלציינס, א. א. וו. עס מוז קומען דער פאָן־קאָנטראַסט.

---

א) דער קינסטלער — ווי די פרוי — פאַרגייט אין טראָגן פון יעדן איי־נעם פערווערזן פונעם לעבן; און קערט אום דער וועלט — די גרויסע אומשולדיקע קינדערשע פרייד: דאָס ווערק.

ב) דער קינסטלער — ווי דער מעדיקער-עקספּערימענטאַטאָר — שטעקט אָן אין זיין אייגן לייב און זעל אַלע פּלאָגן־באַצילן פון דער וועלט און לאָזט זיי אויפגיין, אין קולטיוו, אין זיין קונסט-ווערק: כדי זיי גרינטלע־כער דערקענען און ווירקזאַמער פאַרניכטן.

ג) כל הנחלים הולכים אל הים: דער ים נעמט אויף דרייסט אַלע צופלוסן און צושטראָמען פון טייכן און שטראָמען; פאַרשלינגט זיי אין זיך — אייגן; כדי צו זיין — דער ים: איינציק, אָריגינעל, ניי.

ד) דער קינסטלער ווערט פאַרוואָגלט: פון דעם לעבן — אין דער ווייטער וועלט פון קונסט, — כדי ער זאָל בענקען אַהיים און נישט צוריקקערן; כדי ער זאָל אַריבערברענגען די היים — אין זיין וועלט פון קונסט; כדי ער זאָל איבערבויען זיין קונסט־וועלט, זי באַ־שיינען; און נישט — לעשן זיין קינסטלערישן דורשט: מיטן נאָכקו־מען דעם שונד-דראַנג צו דער מוטער־טראַכט פון דער היים.

ה) אויך דער קינסטלער, אין זיין פּלאַטער־גענוס פונעם לעבן, צאַפּלט צום קינד. אונטערן גענוס פונעם געניוס צאַפּלט דער גען. אָבער, אויסדריקלעך — צום קינד אין דער קונסט...

דער קינסטלער דאַטעוועט אַרויס דאָס מענטשן־קינד, אויס דעם מבול פאַר־נעם לעבן — אין דער תבה פון דער קונסט.

ו) אַז צום קינסטלער פּאַסירט עפּעס אין זיין לעבן, ער דערזעט זיך מיטאמאָל אַפן שייד־וועג, און ער האָט צו דעצידירן, — דאַן וועט איר זען: ווי ער וועט אַלץ, אַף אַ מאָמענט, אָפּלייגן אין אַ זייט; און, גלייך ווי גאָרנישט האָט פּאַסירט צו אים אַליין — אַ רואיקער, אַן אָביעקטיווער — וועט ער זיך ערשט נעמען צו זיין פּאַסירונג, אום, מיט זיין גאַנצן קינסטלערישן ברען, זי איבערשאַפן פריי, זי דערהויבן צו אַ קונסט־ווערק. דערנאָך, ווען ער וועט האָבן זיין אַרבעט געענדיקט, צוריקגעקערט צו זיך, — וועט ער אַליין צוטרעטן שטודירן אויפמערקזאַם זיין באַשאַף; און אַזויווי דאָרט וועט האָבן פּאַרלאָפן, — אַזוי וועט ער, נאָכהער, האַנד־לען אין זיין לעבן: ווייל „דאָס לעבן — האָט געלערנט אָסקאַר ווײַלד — מאַכט נאָך אומעטום דער קונסט".

ז) פאַרוואָס איז דער קינסטלער בלינד און, במילא, ענטוזיאַסטיש? עס איז אַ משל פונעם בעש"ט וועגן אַ מלך ומנגן, וכ"ו. געווען אַמאָל אַ קיסר, וועלכער האָט געהאַט בא זיך אַ גרויסן מנגן בכינור; און יענער האָט, אַלע יאָרן, געהאַלטן אין איין שפּילן — איין און דעם זעלבן ניגון, פאַר אַלציינגע מענטשן, פאַרן קיניגס יועצים און שררות. דער קיסר אַליין האָט אים ליב־געהאַט, דעם ניגון; און ער האָט, אַלע מאָל, געהערט אין אים חידושים פונעם מנגן גופא... דעם מנגן אָבער איז, ענדלעך, שווער געוואָרן דאָס שפּילן פאַר די זעלביקע מענטשן; און ער האָט שוין געזען: אַז עס ווירקט נישט מער אַף זיי... איז געגאַן דער קעניג; געמאַכט דעם מנגן בלינד... און שפּעטער, האָט ער אים געזאָגט: אַז דאָס קומען, אַלע מאָל — אַנדערע מענטשן, צו הערן זיין זים שפּילן... האָט שוין, פון דאַן אָן, דער בלינדער ענטוזיאַסטישער מנגן ניט אויפגעהערט צו שפּילן — פ א ר ן ק י ס ר — דעם אייגענעם ניגון, זיין גאַנץ לעבן.

---

א) יעדער קינסטלער איז אַן אויסוואורף; נאָר נישט יעדער אויסוואורף איז אַ קינסטלער.

ב) דער קינסטלער אָבנעגירט פולשטענדיק זיין אייגן לעבן, כדי, מיט מילדקייט און ליבע אָן אַ ברעג, צו קענען אויפנעמען אין זיך די ליידן און פּיין פון דער גאָרער וועלט, זיי געבן אַ אויסדרוק אין דער קונסט און, דאַדורך, פולער און עכטער אַרויסברענגען — זיין אייגענע פּערזאָן.

ג) די פרוי, אַז זי פאַרגייט אין טראָגן, נוויטיקט זיך נישט מער אין דעם מאַן. אַזוי איז אויך דער קינסטלער: ווען ער ווערט באַפרוכפּערט מיט דעם הויך פון עראָס — איז די פרוי פון לעבן פאַר אים אַ שטער.

ד) דער באַשאַף אין דער נאַטור, אינעם לעבן איז — ווידערהאָלנד. דער באַשאַף אין דער קונסט איז — איינציק, אָריגינעל... אַ מענטש קומט

**אָפּ, אַ לעבן לאַנג — מיט אייניינציקן כאַראַקטער־שטריך, (ווייל מער פּאַרמאָגט ער נים,) אין אומענדלעכן איבלדיקן ווידערהאָלן־זיך. אַזוי —** ער; אַזוי — אומצייליקע אַנדערע. דער קינסטלער נעמט אויף די דאָזיקע עלנטע פּאַרבאַנאַליזירטע און אָפּגעלייםטע שטריכן אינעם לעבן און פּו־רעמט זיי איבער — אין אייניינציקן גרויסן צום־לעבן־דערוואַכטן קונסט־איך.

ה) דער קינסטלער עקזיסטירט און לעבט — נאָר אין זיין וועלט פון קונסט: וואו ער פּאַרטראַכט אייביק זיין גרויסע נאָבעלע אָפּערע, די קונסט־אַוואַנטורע, זיין פּאַרברעכן, דעם גריילעכן פּאַראַט קעגן דעם וואול־גאַרן לעבן; ווייל קונסט איז — מענטשלעך. דאַקעגן, אינעם לעבן גופא — לעבט ער נישט; ער עקזיסטירט נישט אַפילו. ער גייט דאָרט אַרום, בלויז — ווי דער מעדיום — פאַר דער קונסט: פאַר וועלכער **אַליין**, פאַר **איך** בית־דין־צדק-בלויז — ער איז שולדיק אַ ענטפער פאַר זיין איטלע־כער טאַט: צי זי איז ערלעך, צי זי איז געריכט; מיט איין וואָרט: צי זי איז — מאָראַליש־שיין. ווייל קונסט, ווי געזאָגט, איז — מענטשלעך.

ו) דער קינסטלער גייט אום אומעטום — אַ פרעמדער, אַ פאַרעטער. ער שפּילט א ו י ס דאָס לעבן; נאָר ער אַליין לעבט נישט. אָט שפּילט ער אָפּ איין ראָל: לאָמיר זאָגן, פון ליבע; דערוואַרעמט די מאַסע צושויער, ער פלאַמט זיי אויף, און מע איז אים גרייט נאָכגיין אין פייער אַריין — פאַרן לעבן!... נאָר, פלוצים — וואָס טוט זיך עס דאָ? ער — דער פאַרע־טער, דער געמיינער יונג — איז נישטאָ מער: אַנטלאָפן, פאַרשוואונדן; און דאָ שטייט שוין פאַר אייך — אַ אַנדערער, אַ ווילד-פרעמדער און שפּילט פאַר אייך געניאַל — דעם טייפלשן ה אַ ס! און ווידער געשעט דאָס וואונדער: ער צינדט אָן די מאַסע צושויער, ער פלאַמט זיי אויף; און מע וועט שוין ווידער גרייט אים נאָכגיין אין פייער אַריין, דאָס מאָל — פאַרן טויט!... און אַזוי — אָן אַ סוף... נו, איז אַ רבותא, וואָס דאָס לעבן האַסט אים אַזוי שטאַרק, דעם פאַרעטער?

ז) ער, דער קינסטלער, לעבט טויזנט טייפלשע לעבנס — אין דער קונסט. ער שפּילט — אמת, עכט; באַגייט איין מאָרד נאָכן צווייטן, מיטן גאַנצן צאַפּל פון זיין בלוט; ער ליבט, פאַראַט, פאַרשווערט, אין שלויעסטן גידער־טראַכט; צעפּלעטשט לעבנס אונטער זיין טראָט; ער שענדעט, צינ־שטערט! און וואָס עכטער ער טוט דאָס, אין זיין פרייער וועלט פון קונסט, — אַלץ נידעריקער וועט דאָס לעבן פאַר אים טון קניען און אים דערהוי־בן... זאָל דאָס זיין — די פאַטאַלע אייביקע בענקשאַפט פונעם טאָל: צו דערזען זיין בלוטיקסטן איניגסטן וואונטש — וווערן פריי אַנטפּלעקט אינעם באַרג?!

**ח) ליב דעם קינסטלער צו קענען: נישט — אינעם לעבן, נאָר אין זיינע ווערק: האַלט אָן מיט אים בלויז — אַ ריין קינסטלערישע חברשאַפט;**

און ער וועט דאָן, דער באַשעפער, לעבן בלייבן פאַר דיר — אייביק. וועסט הערן אַמאָל: אַז ער אַליין ווערט אַלט, ער איז קראַנק, ער איז געשטאָרבן. ניין. דיר וועט ניט אָנגיין דאָס אַלץ. וועסט ניט גלויבן איין וואָרט דערפון. דער קינסטלער איז געראַטעוועט צום אייביקן שעפערישן לעבן — אין דער קונסט... וועסטו הערן, ווידער: אַז ער איז אַראָפּגעקומען, פערזענלעך, פון ערגעץ מרחקים — צו דיין היים, — זאָלסטו שטוינען: „צואוואָס? איז ער דען ניט — דער אומשטערבלעכער קינסטלער — מיט אונז, אומע־מום?!." און דאָן — אַנטלויפן, (מאָג מען שטוינען אַף דיר — דאָס מאָנס־טעריעזסטע!) כדי אים ניט צו זעען, דיין קינסטלער: ווי ער איז יורד, אין דיין הארצן — פונעם פיעדעסטאַל, פונעם אַלטאַר. ווייס, ברודער: אַז — הנפילים היו בארץ; און — כי לא יראני האדם וחי: „איך זאָל בלייבן לעבן" — זאָגט גאָט: דער אַלטער כיטרער טייוול, וועלכער ווייסט, וואָס ער רעדט; שוין נישט איין לולקע אויסגערויכערט מיטן מענטשן; זיינע ציין אויפגעגעסן אַפן לעבן.

ט) דער קינסטלער איז — אומעטום, וואו ער זאָל נישט זיין — אַף אַ דיסטאַנץ פונעם עכטן לעבן, (פון יענעמס, פון זיין אייגנס — אַל־ציינס,) — מיט די ליידן און פריידן, וואָס שפּילן זיך אָפּ פאַר זיין גע־מיט. ער איז — אומעטום, מיט יעדן; ער איז — אין ערגעץ ניט, מיט קיינעם. אַזוי, באַאָבאַכטעט ער אַלץ — ווי אַ שפּיל אַף דער בינע אַלציינס; אַזוי טוט ער דערפון געניסן, אין ליידן און אין פרייד. ווען ער ווערט גע־רירט און ער נעמט מאַכן געוויסע פאַרשפּרעכנס — איז עס נאָר פאַר דער קונסט; (אָ, זאָל מען עס גוט געדענקען!) אָבער גאָרנישט בלייבט אים, האַלט אים פאַרפליכטעט — לגבי דעם לעבן אַליין... אַ קינסטלער אַנטע פיין — פון פילן, פון דענקען, פון לעבן; אָבער אַליין, (אָ, זאָל מען עס גוט געדענקען!) — נישט ער פילט, נישט ער דענקט, נישט ער לעבט. ער שפּילט... ער איז — צושויער און שוישפּילער, פאַריינס. ער שפּילט אויס די גאַנצע שוואַרץ־און־ווייסע קלאַווישן־גאַמע פון זיין און נישט־זיין, פאַר־איינס. דערפאַר, וואָלט מען זיך נישט געדאַרפט מאַכן לעכערלעך: אים פירצואוואַרפן זיינע גרייזלעכע סתירות; אָדער — אים, בכלל, האַלטן באַם וואָרט. זיינע סתירות זענען — די סתירות פון דער עקזיסטענץ, בכלל... וואָס וויל מען דען פון אים? שוין־זשע דערפילט ער נישט אַלץ עכט, אַזוי שיין — בשעת ער שפּילט?... און שפּעטער, נאָכן שפּיל? צי בלייבט דען עפּעס, בכלל, ערגעץ — אויסערן שפּיל? איז דען נישט אַלץ — אָ, זאָגט —: מיין לעבן, דיינס, אַלץ, איבעראַל, פון אויבן ביז אַראָפּ — (און גאָט - אַריינגערעכנט,) בלויז דער שוישפּיל?

י) אַלע טואונגען פון דער שטייגער־מענטשהייט, אין אירע ליידן און פריידן אינעם לעבן, זענען: אומציייליקע ווידערהאָלונגען, רעפּראָדו־צירונגען, נאָכאַמונגען צווישנאַנאַנדערדיקע; וועלכע האָבן, במילא, קיין

שום קאָנקרעטן דירעקט) באַטייט, אַז און פאַר זיך; גלייך ווי גאָרנישט פאָרנעקומען, אַ רויש־פּלאַטער־אילוזיע בלויז; און זיי, די אַלע טוּאוּנגען, דינען נאָר: אַלס אייניבונגען, רעפּעטיציעס — צום איינונייניציקן קאָנקרעטן דירעקטן, איינציק־ווערטיקן אויפטריט פון דעם קינסטלער, אַף דער אַרענע פון דער קונסט־וועלט... אָבער, ערשט באַ אים איז עס — אַן עכטער שפּיל בלויז; אַ רויש־פּלאַטער־אילוזיע־בלויז; וואָס פאַרשאַפט אונזער געמיט — אַ קינסטלערישן שפּיל־ ג ע נ ו ס : פון די ליידן — נישט ווינציקער, ווי פון די פריידן...

---

**א)** דעם קינסטלערס אויפגאַבע איז: צו ווייזן אַלץ — אין נאַטירלעכן בילד. — פּראָבלעמען, צוזאַמענשטויסן, קאַטאַקליזמען פון דער צייט? דאָס אַלץ געשעט — אין דער נאַטור; אָבער — עכט־בילדעריש, ד. ה.: אַז עס שטויסן זיך צוזאַמען — ב י ל ד ע ר פון בערג, טאָלן, פייערן, וואַסערן. אינערהאַלב זיי, אין די בילדער, צאַפּלט און איבערצייגט — די אידייע, דער געדאַנק.

**ב)** דאָס גרויסע ווערק פונעם קינסטלער איז — זיין גורל; זיין בילד פון דאָריאַן גריי, וואָס באַפעלט זיין לעבן. זאָל ער קיינמאָל זיך נית רעבעלירן, וועלן לעבן זעלבסטשטענדיק, נישט הויבן די האַנט אַף דעם: ווייל — עס וועט אים פאַרניכטן! זאָל ער, ליבערשט, בלייבן דער מעדיום פון זיין קונסט־ווערק, לעבן פ א ר ד ע ם אַליין, פ א ר ז י ך — גאָרנישט, — וועט ער — ל ע ב ן דער אייביקער קונסט, לעבן־בלייבן — אַ אייביקער גאָרנישט, אַ מענטש; ווייל קונסט איז — טיף־מענטשלעך.

**ג)** דאָס קונסט־ווערק איז — דער אַקצידענט פונעם קינסטלער. דער קינסטלער איז, לויט זיין מהות — ברוטאַל־איינציק און אַליין. ער דולדעט נישט קיינעם — אויסער זיך; אַפילו נישט דאָס קונסט־ווערק. ער שאַפט, אינזינענהאַבנדיק בלויז זיין ברוטאַלן געגוס. עס איז נישט זיין שולד — און נישט זיין פאַרדינסט: וואָס, אין זיין פּאָטענטן געגוס, שאַפט ער...... בראשית ברא: צוערשט, קומט — די שאַפונג, די טאַט פון בלינדן אימפּולס, אַן דעם קינסטלערס וויסן דערביי. שפּעטער: אַז ער כאַפּט זיך; ער דערוואַכט פון זיין שיכרות, דער עכטער קינסטלער; ער קומט צו זיך, דער ווילדער — איז שוין שפּעט: דאָס קונסט־ווערק — זיין אַקצידענטאַלער באַשאַף — איז אַ פאַקט...... וירא אלוהים כי טוב: אַז ער האָט אָנגעאַרבעט אַ גוטע צרה... דאָס קונסט־ווערק — אינגאַנצן אייגן אין דעם באַשאַפער — איז איצט ברוטאַל־קינסטלעריש מורד אין דעם קינסטלער. עס איז, ווי ער אַליין: עס פאַרטראָגט נישט קיינעם — אויסער זיך...... זאָל ער עס נעמען און צעשטערן? סטייען נישט די כוחות. דער קינסטלער, נאָך זיין געגוס, בלייבט — אַלט און דערשעפּט (קיין זאַך מאַכט ניט אַזוי אַלט, ווי גליק) — לעבן זיין יונג קונסט־ווערק, אין וועלכן ער האָט איבער־

נעפּלאַנצט זיין גאַנצע שעפערישע פּאַטענץ: אַז איצט זאָל עס נעמען וואַקסן, זיך־קרעפּטיקן, רייפן און, ווי נעזאַגט — מורד־זיין אין דעם באַשעפער, אים־פאַרשטויסן, ווייל — נאָכוואָס דאַרף עס אים?!......

אַלץ, וואָס ער טוט דערנאָך,

דער דערוואַקסנער ווילדער — דאָס איז שוין נישט קיין קונסט. דאָס איז בלויז — צו פאַרניכטן דעם אומגליק. ויאמר אלוהים נעשה אדם בצלמנו כדמותנו וכ"ו וכבשוה ורדו... אפשר וועט אַ דיספּראָזירטער ווילדער גאָט־מענטש, אַריינגעשפּאַרט אין דעם לעבן — צווימען דעם בונט; אָדער גאָר -- דערפירן צו צעשטערונג... (געדענקט: דער מענטש איז — דער לעצ-טער באַשאַף פון אַ דערשעפּטן ווילדן גאָט אין דעקאַדענץ...).

נאָר, אויך דער מענטש פאַראַט. ער פאַרטראָגט נישט קיין הע־כערס פון זיך. (ווי גאָט; און ווי עס האָט געלערנט וואָלטערס פילאָזאָפי־שער שטיין: אַלץ, וואָס פערפעקטער גאָט באַשאַפט, קאָן נישט זיין נידע־ריקער פון אים — ווייל דאָס וואָלט געווען אַ פּגם אין זיין פערפעקציע; מוז עס זיין — אזוי פערפעקט ווי ער — נעגירט דאָך עס, ווידער, זיין פערפעקציע: וועלכע איז שוין נישט מער — א יי נ צ י ק - פּ ע ר־פ ע ק ט . . .) אין שווערן הערצישן געראַנגל, שטויסט ער אַרויס פון זיך דעם ווילדן גאָט; און ער גייט אַריבער אינגאַנצן צום לעבן, צו דער פרייהייט........ גאָט, און וועלט — איינע שליסט אויס דעם אַנדערן. איצט, בלייבט ער — אינגאַנצן אינדרויסן, דער אַל־טער אַרויסגעשמיסענער לץ — שטיין און שרייען, מיט באַנומענע קולות: — אני שלומה!... נאָר, ווער הערט אים דען — דעם אָפּגעלעבטן קינסט־לער, דעם אַלטן נאַר?

ד) וויאַזוי קומט־אויף דאָס גרויסע קונסט-ווערק? ווי דאָס קינד — באַם פּאַטענטן מאַן און באַ דער פרוי. ער, דער שטאַרקער מאַן, נעמט זיך שפּירן, פּלוצים — נידעריק, געפאַלן, ענג, באָדנלאָז — לגבי דער אומ־ווערטיקער פרוי; און ער קומט איר „שטאָלץ" באַצווינגען, געניסן, באַ־הערשן, אַנייגענען, זוכן אין איר זיין אויסברייטערונג, זיין טאָפּל־געשטאַל־טונג; אפשר גאָר — איר און זיך צעשטערן: ווייל הינטערן שטאָלץ צאַפּלט תמיד דאָס שיפלות־געפיל... איז, פון זיין דירעקטן טייפלשן צעשטער-גע-נוס קומט אפּער,ווי אומדירעקט, די שאַפונג — דאָס קינד........ אקוראַט דאָס זעלבע געשעט צום פּאַטענטן מאַן דעם קינסטלער. ער נעמט זיך שפּירן פּלוצים — איינזאַם, נידעריק, געפאַלן, ענג, באָדנלאָז — לגבי דער אומווערטיקער פרוי, דער וועלט; און ער קומט איר „שטאָלץ" באַצווינגען, געניסן, באַהערשן, אַנייגענען, זוכן אין איר זיין אייגענע אויסברייטערונג, זיין טאָפּל־געשטאַלטונג; אפשר גאָר — איר און זיך צעשטערן: ווייל הינ־טערן שטאָלץ צאַפּלט תמיד דאָס שפלות־געפיל... איז, פון זיין דירעקטן טייפלשן צעשטער־גענוס קומט אַפּער, ווי אומדירעקט, זיין באַשאַף —

פאַר דעם קינסטלערס באַהעפטונג מיט דער וועלט? פאַרלאָזט דען אַמאָל
דער קינסטלער זיינע אייגענע הויכע רעגיאָנען פון דער קונסט? ניין. דאַ־
רום: אַז דער קינסטלער וויל איר דערזעען, דער וועלט, — מיידט ער איר
אויס — כדי זי זאָל זיך נישט פאַרשטעלן מ י ט ז י ך... דער
קינסטלער זעט איר שטענדיק בעסער, — אַז ער זעט איר נ י ש ט, —
ווי אַז ער זעט איר י אָ... אָ, די וועלט אינטערעסירט אים קיינמאָל
נישט — ווי ז י איז; נאָר — ווי ער, דער קינסטלער, וויל איר זעען
און געניסן — אַף זיין שטייגער — אין דער ק ו נ ס ט, נ י ש ט —
אינעם לעבן. און דאָס געשעט נאָר דאַן: ווען דער קינסטלער — וועלכער
בענקט צו דערזעען די וועלט נ אָ ע נ ט, — דערהויבט די דאָזיקע אומ־
באַפרידיקטע ב ע נ ק ש אַ פ ט — א י נ ע ם ל ע ב ן, צו שעפערי־
שער באַהעפטונג און איבערלעבונג — אין דער קונסט..... קוים אָבער
וועט ער נאָכקומען זיין בענקשאַפט, און צוגיין צו דער וועלט אַזוי דירעקט
נאָענט, איר צו געניסן, — אַזוי פאַרשווינדט דאַן גלייך דער רייץ, דער
פּאָטענטער צויבער־שוואונג צום איידעלן מעכטיקן געניס — אין דער
קונסט. ווייל ער, דער קינסטלער, איז פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זיינע
טרוימען — נאָר אין דער קונסט...

---

א) פונקט ווי דער בלינדער קאָן נישט אָפּווענדן די וואָר פונעם זעענ־
דיקן, — אַזוי קאָן נישט די חלום־וואָר ווערן נעגירט דורך דעם, וואָס
חלומט נישט. ער איז (אין זיין שלאָף) בלינד אַף דער נשמה.

ב) על כל פשעים תכסה אהבה: ליבע גיט אַ לבוש אַלע זינד — אַ
קונסט־בילד; פאַרשטעלט די נאַקעטקייט. ערשט, ווען עס פאַלט אַוועק
דער באַגער — קומט אפער שולד, בושה; פרעמדע העסלעכע נאַקעטקייט.

ג) איינער שטאַרבט — אינעם לעבן, און בלייבט לעבן — אין דער
קונסט. איינער ווערט טויט פאַר דער קונסט; נאָר אינעם לעבן, אָ,
שמעקט ער נאָך — אַ צייט!

ד) די נאַטור דריקט אויס איר ליבע־שפּיל אין: וועלדער, שטראָמען,
בערג און טאָלן — די טעאַטער־דעקאָראַציע פון דער וועלט־בינע. דער
מענטש ברענגט אַרויס זיין ליבע־שפּיל: אין דער דעקאָראַציע פון זיין היים,
פון זיינע ישובים.

ה) ווי די נאַטור־שוישפּילערין שאַפט אירע וו אַ ל ד־ד ע ק אָ ר אַ צ י ע ס
צו דער וו ע ל ט ־ דראַמע, — אַזוי שאַפט דער מענטש־אַקטיאָר
זיינע מעבל־מויערן־ישובים־דעקאָראַציעס — צו זיין ל ע ב נ ס ־ דראַמע.

ו) דעם מענטשנס אייביקע טעאַטראַלע עקסהיביציע. ער, דער מענטש,
פּוצט זיך שטענדיק — אין גרים־דיספּראַזן פון יוגנט. ווי ער וואָלט
וועלן, (אַזוי ווי דאָריאַן גריי, מיט זיין בילד): אונטער דער יוגנט־מאַסקע,

פארבאָרגן זיין געוויסן.

ז) דער מענטש — דער אייביקער אַקטיאָר. אין לויף פון יאָרן, גרימירט אים דאָס לעבן, וואָס אַמאָל — געזעצטער, רייפער. דאָך, קאַיעט ער זיך נישט — דער אַלטער אַקטיאָר — און זוכט נאָר צו שפּילן יונגט־ראָלן... נישטאָ גאָר קיין תרופה צו אים — און מע מוז אים אינגאַנצן צונעמען פון דער סצענע.

ח) עין רואה ואוזן שומעת — רעדט אין יעדן איינעם פון אונז דער אַקטיאָריש־אימפּולסיווער עקסהיביציע־דראַנג.

ט) אויב דאָס לעבן אַרום איז — מיין איניגסטע אויסדראַכטונג בלויז, — דאַן איז יעדער מענטש — אַ געניאַלער שעפער, וואָס דיכטעט אויס זיין קונסט־וויזיע פון דער וועלט... אויב דאָס לעבן אַרום איז מיין וויזיע בלויז, — דאַן איז דאָך מיין באַאָבאַכטן טויט און אונטערגאַנג — די אייגענע אָפּשטאַרבונג אין מיר גופאָ?!

---

א) פּונקט ווי דאָס לעבן מאַכט נאָך דער קונסט, — אַקוראַט אַזוי — — דאָס לעבן פון דער קונסט מאַכט נאָך — דער איידיע פון דער קונסט.

ב) דער שונדיסט וועט: אַף דער פיינסטער קול דממה דקה, נישט רעאַגירן אַנדערש, ווי נאָר — מיט דעם העסלעכסטן תופים־ומחולות־גרילץ. ווי דען אַנדערש?!

ג) דער קינסטלער לעבט זיך אויס — אינעם לעבן פון דער קונסט; דער אָרעמער טייוול — אין רעדן פון דער קונסט.

ד) נישט איין שרייבער אַ „פּענע"־האַלטער רעדט, אַ לעבן לאַנג, פון קאָנטאַקט מיטן לעבן; און אַליין — ווי אַ אימפּאָטענטער פיינשמעקער, — טוט ער זיך קיינמאָל נישט קיין ריר — אָן פּרעזערווירונגען.

ה) פאַרוואָס שוועבט איבער דער שונדיסטישער מלחמה־ליטעראַטור דער „געטלעכער" גייסט? ווייל זי איז — אַ געוויסער. ורוח אלוהים מרחפת על־פני המים.

ו) מלחמה־שרייבער זענען — ווי אויפגעקומענע מלחמה־סוחרים, אַלציינס: זיי זענען רוי, אומוויסנד; און זיי האָבן, דאַרום, דערפאָלג; זיי זענען — זייער־פּעאַיקע לייט אַף אַלץ; זיי זענען — די לייזיקע שיפן, וואָס קומען גרייט אויפצולאָדן סחורה אומעטום... בעת די אַלטע סאָלידע פירמעס בלייבן צעמישט און קראַכן...

ז) די מלחמה ברענגט — אַ חוץ אַלע באַקאַנטע צרות, וואָס קומען יעדן אָפן אויג — נאָך איין שוידערהאַפט אומגליק, אַף וועלכן עס שטעלן זיך אָפּ נאָר די שרייבער; און דאָס איז — דער גרייזלעכער אָנפלייץ פון גראַפאָמאַניע... דהיינו? — אָט, וויאַזוי: יעדע מלחמה וואַרפט אַרויס נאָך זיך אַף דעם סאָציאַלן מאַרק אַ ריזיקע מאַסע קאַליקעס, וועלכע נוצן נישט

מער צו גאָרנישט. אָבער — לעבן דאַרף מען; און קיינער זאָרגט נישט פאַר זיי... לכן, צעשפּרייטן זיי זיך איבער דער וועלט און טרעטן־צו אינ־טענסיוו צו פאַרשפּרייטן שרייבפּענדלעך. גוטע באַרמהאַרציקע לייט קענען נישט פאַרבייגיין גלייכגילטיק דעם אָנבליק פונעם אומגליקלעכן קאַליקע, און זיי קויפן... איז: וואָס עס ווערט דערפון — פרעגט איר? — אָ, מע מאָג זיך שוין אָנשטויסן אַליין: — די וועלט שרייבט...

ח) און אַז עס איז שוין געקומען צו־רייד מכוח גראַפאָמאַניע... ווען מע טראַכט זיך גוט אַריין, זעט מען: אַז עס איז נישטאָ פאַר איר קיין אַנטרינונג — אינערגעץ! — אָט, לאָמיר אַריינגיין אין אַ שול, און אָנקו־מען גראָד אַף אַ לעקציע פון קונסט... טרעפן מיר: אַלע שילער זיצן און שרייבן — פּיין, פלייסיק. בלויז איין יאַט דאָרט געניצט, מאַכט עס פויל... געענדיקט די אַרבעט, זי דערלאַנגט דעם לערער. ער קוקט דורך יעדנס שריפט; מערקט אָן גוטע צייכנס. בלויז דעם פוילן בחורס אַרבעט נעמט אים נישט, און ער פאַרבראָקירט זי... איצט, ווען מיר פרעגן: — איר שטעלט אייך פאָר: וואָס פאַר אַ מבול, חלילה, וואָלט אַף דער וועלט געקומען — ווען אָט די אַלע גוט־דערצויגענע שי־לער וואָלטן זיך פירגענומען צו ווערן שרייבערס אינעם לעבן?!.

און ערשט, מיטיינמאָל, באַקומט דאָס גאַנצע בילד, אָ, לגמרי אַ אַנדער אויסזעען!...... יענע אַלע פיינע שי־לער פון שטאַנדאַרט, וואָס שרייבן אַזוי איידל, אַזוי פּערפעקט־גראָ־אומ־פּערזענלעך, אַזוי איינס אַפן אַנדערן ענלעך, זענען — די גרויסע מאַסע גראַפאָמאַנען. דערפאַר, נעמען זיי אַזוי שטאַרק אויס אין די אויגן פונעם געענדיקטן דיפּלאָמירטן גראַפאָמאַן — דעם לערער...... און ווי וואָלט געווען צו דער קונסט — ווען ניט דער אויסנאַם: יענער שילער דער מורד: וועלכער גייט נישט אין שפּאַן, צוזאַמען מיט דער גראָער פיין־דערצויגע־נער סטאַדע; וועלכער מאַכט עס אַנדערש פון אַלע; וועלכער שניידט זיך, אפשר, אַף אָן אייגענעם סטיל; וועלכער זוכט, אפשר, זיין אייגענעם וועג........ אָ, אַף אים — דעם עקשן, דעם פּורץ־גדר — לאָמיר אָנהענגען אונזער האָפענונג. אין אים לאָמיר זוכן די רעטונג.

---

## מאַסע און אינטעליגענץ.

א) ניין אין שפּאַן און צושאָקלען מיטן קאָפּ איז די העכסטע נאָבלסטע טוגנט פון די פערד.

ב) מענטשן אויסגעטונענע דערנעענטערן זיך זייער שנעל — אַנטיסאָ־ציאַל.

ג) די גאַס איז גס.

ד) יעדע ריזיקע (מאַסע) איז אַ ריזיקע.

ה) ווער ניט אויפגערעגט, ווען דו הערסט, ווי דאָס „מויל"־אייזל נעמ...

אָפּעריךן מיט „לאָניק״: דאָס איז זיין אייגנס — די זאָא־לאָגיק.

ז) גערענקט איר נאָך דעם אויסרוף פון דער אַלטער רוסישער גוט־באַ־זיצערן פּראָסטאַקאָווא (זע „ניעדאָראָסל״, פאָן־וויזין): „— אַלץ, וואָס מיין מיטראָפאַנושקאַ ווייסט נישט, איז — דומהייט און אומזין!״?

ז) אַז די מאַסע באַקומט ליב — פיניקט זי; אַ שטייגער, ווי אַ קינד טוט צו אַ פייגעלע, צו אַ אַנדער שטומער צונג.

ח) די אָרגאַניזאַציע פון דער מ אַ ס ע ־ נ י ש ט י ק י י ט ן איז, פּונקט ווי די אָרגאַניזאַציע פון דער מאַסע־מילבן — פּערפעקט. מע טאָר אָבער, אויף קיין איין רגע, נישט פאַרגעסן: וו ע ר און וו אָ ס עס איז דאָ אָרגאַניזירט.

ט) בני משה עובדי עבודה־זרה היו. דער מאַסע צייגט מען נישט אײ־בער — מיטן שכל; נאָר — מיט דער דיסטאַנץ.

י) איך לייקן די גאַנצע בבא־מעשה וועגן כלומרשטער יצירת יש מאַין. ניין. דאָס, וואָס שטאַמט פון אַין, בלייבט אַין: אַינדיקער יש, עס הייסט — פאַראַנענער אַנזעעוודיקער אַין, וואָס פאַרנעמט אַן אָרט; אַין, וואָס צעלייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט; די גרויסע גראָע מאַסע גראָב־עקזיסטירנדער נישטיקער אַין; וועלכער האָסט, דאַרום, אַזוי שוידערלעך־ברוטאַל — דעם ווירקלעכן יש׳דיקן (ווערטיקן) יש.

יא) נאָך פון ליבאַוויטש האָב איך געבראַכט די לערע: אַז ווען אַ מויער ווערט איינגעוואַלגערט — פאַלן אַראָפּ נאָר די שטיינער פון דער הויך. דאַקעגן, די סאַמע נידעריקע שטיינער (די מאַסע) הויבן נישט אָן צו וויסן פון קיין פאַלן. וואוהין?!

יב) וואָס איז דען, אייגנטלעך, אַ חמור נושא ספרים? אַ אָנגעפּרעסענער מיט פּרעמדער שפּייז... נאָר דאָס זעלבע פּאַסירט אויך צום איבער־געפרעסענעם; וואָס ווערט נישט ־ אַ ו י ס דעם פאַרדיי. ער, נעמט גלייך מעלה־גרה זיין — אַזויווי די גאַנצע סטאַדע אַרום.

יג) ווען צוויי מענטשן־מאַסעס קעמפן ליידנשאַפטלעך קעגנאַנאַנדער — הויערט תמיד איבער זיי די טאָפּעלע געפאַר: אָדער, זיי זאָלן זיך ד ע ר ק ע נ ע ן און אויפגיסן אין איינער; אָדער — זיי זאָלן פאַרגעסן דעם עיקר־ציל, צוליב וועלכן זיי האָבן אָנגעהויבן דעם קאַמף און, פון אַצינד און ווייטער, ((אונטערן דרוק פון טעזע־געזעץ וועגן אינערץ, וואָס לערנט — בנוגע ד ע ם פאַל: אַז אַ קערפער, אין צ ו ש ט אַ נ ד (טעזע־טענדענץ) פון באַוועגונג, וועט דאָס אייביק אַזוי פאַרבלייבן, — עס הייסט, אונטערן סטאַטישן טעזע־דרוק צו פוילקייט, צו אָפּשטאַרבונג, צו אונטערגאַנג, —)) וועלן זיי אים פאָרזעצן, דעם קאַמף — שוין בלויז צוליבן קאַמף זעלבסט — אַלס דעם איינציקן ציל; אָן שום אַנדערן פרעמדן ווילדן ציל; אַקוראַט אַזויווי קונסט לשם קונסט.

יד) די פינצטערע מאַסע (נישט פאַרבייטן אויף דער באַוואוסטזיניקער),

האָט ליב דעם קאַמף אַן און פאַר זיך, (אַן וועלכע עס איז צילן „זיי-
טיקע";) דעם קאַמף לשם קאַמף גופא, (וועלכער ווערט אליין — דער
ציל); פונקט, אַ שטייגער, ווי די קונסט לשם קונסט...

טו) דער מאַסע-עלעמענט פּרעזענטירט זיך — אינעם פיזיקאַלישן פּראָ-
בלעם פון אייז-וואַסער-דאַמף. עס באַלאַנגט נאָר אַן דעם: צו וועלכן
עקסטרעם דער עלעמענט ווערט געטריבן.

טז) „.... — וואָס מאַכט איר?..." „זייט געזונט!" „זייט גליקלעך." „אַ
מפּלה אַף אייך" „דערלעבט נחת!" א. א. וו., א. א. וו...‚ — דאָס זענען
— די מעכאַנישע געפילן-קלישעען בא דער מאַסע;
וועלכע פילט שוין לאַנג, אליין — גאַרנישט; לעבט אַלץ — מן המוכן.
בא איטלעכן פאַל באַזונדער: ווערט אָנגעגריפן אַ ספּעציעל קנעפּל, —
און עס טאַנצט גלייך אַרויס — די פונפאַרויס-צוגעגרייטע קלסתר־פּנים-
לאָזע רעאַגירונג פונעם שטייגער.

יז) ווילסטו זעען דאָס געשטאַלט פון לויערנדן אומזין,
פון כאַאָס? דאַן: שטעל זיך — צוקאָפּנס דיין חבר מענטש; לאָמיר
זאָגן — אין אַ שעה, ווען ער שלאָפט; און גיב אַ קוק — פון דער
זייט — אַף זיין שטערן: די אָדלערישע באַרג-נעסט פון זיין שוואונגישער
אינטעליגענץ..... ווילסטו דערהערן דעם ברום פון
לויערנדן אומזין, פון כאַאָס? איז געגוג: זאָלסט אַ לייען־טון דיין איינע-
נעם נאָמען — פונעם סוף, צום אָנהויב.

יח) פון דער „מאַסאַ נעבולאָסאַ ען־ראָטאַסיאָן" — לערנט קאַנט —
אויס דער טונקלסטער מאַסע אין באַוועגונג, קומט אַפער: דאָס פּלאַ־
נעטן-סיסטעם; דער ביאָלאָגישער אוניווערס פון בלוט און פלייש, און זיין
שענצטער ליכטיקסטער בלי־ — דער מענטשלעכער אינטעלעקט.

יט) די מענטשהייט פאַרמאָגט אַנדערטהאַלבן מיליאַרד פּערזאָן.
„— אַנדערטהאַלבן מיליאַרד קעפּ!" — ציילט אינטעלעקט, מיט
מענטשלעכן שטאָלץ. „— אַנדערטהאַלבן מיליאַרד הינטנס!" —
ציילט אימפּולס, מיט הינטישער גאווה.

כ) דער דורכשניטלעכער מאַסן־מענטש איז — אַ שטומער אות: אַ ה',
אַ ע', אַ א': וועלכע שטרייכן בלויז אונטער — ווי דער פאַן —
אַנדערע.

---

א) מענטשן ווערן אָפט אונטערגעשטראָכן אינעם לעבן — נישט אַזוי,
דורך זייער אייגענער גרויסקייט, — ווי דורך דער קליינלעך־אויס־
שרייענדיקער קנאה פון די אַרומיקע.

ב) זוך נישט די אָנערקענונג — אין מאַסעס ליבשאַפט צו דיר; דאָס
וואָלט הייסן: דו קומסט ווערן באַנאַל. זוך די אָנערקענונג — אין
מאַסעס האַס צו דיר: ווייל דו ביסט דיסטינגירט.

ג) נישט איינמאָל, פּאַסירט: דער פּרינץ גייט אַרום אינעם טרקלין — אַליין; די גאַנצע מאַסע זידט, פון קנאה — אינדרויסן. אַזוי לאַנג — ביז מע דערקלערט די גאַס פאַרן טרקלין, — און ער, דער אָרעמער פּרינץ נעבעך, בלייבט „אינדרויסן". ווייל פּונקט, ווי ד ע ר פון אי-נעווייניק שליסט אויס ד ע ם פון ד ר ו י ס ן, — פּונקט אַזוי, שליסט אויס: ד ע ר פון דרויסן — ד ע ם פון אינעווייניק... אָבער, אומזיסט טרייבט די פינצטערע מאַסע פון דער גאַס, אין איר ווילסטער קנאה — אַרויס דעם פּרינץ אויס דעם טרקלין און זי פאַרנעמט אַליין דאָרט זיין אָרט. אָ, עס איז אומזיסט געווען די מי. ווייל דאָרט, וואו די פאַרשאָל־טענע מאַסע בלייבט שטיין, — ווערט באַלד אָפּגעטון די טרקלין-וויזיע; ווערט — גראָבע נאַקעטע גאַס. און דאָרט ווידער, וואו דער איידעלער פּרינץ וואָגלט אַרום איבער דער וועלט און ער ליידט, — אָ, דאָרט, וואו ער שטעלט נאָר זיין טראָט, — וואַקסט באַלד אויס דער טרקלין אַרום אים. ער ווערט אַזוי גרויס, ווי די גאַנצע וועלט: דער טרקלין — פאַרן פּרינץ פון דער וועלט.

ד) דער פרייער אָריגינעלער געדאַנק יאָגט אָן א טויט־שרעק, אָ. ער רויבט אַוועק די רו, די נחתדיקע איינגעגלויבטע זעלבסט־זיכערקייט פון — יעטוועדער געבילדעטער נישטיקייט. ממש, ער נעמט אָפּ בּאַ איר פון אונטערן טראָט דעם באָדן. און זי נעמט זוכן א תחבולה — זי און די איריקע: וויאַזוי אים, דעם אָריגינעלן דענקער, אין זייער עיפּוש צו דער־טרינקען... און זי נעמט זיך, קינדערלעך, צו איר לעבנס־באַרוף, מיט גרויס געדולד און אידיאָטיזם: פּראָדוצירן פּאַסקודסטווע און דעם דענקער מיט דעם צו באַקלעפּן...

ה) והביטו אחרי משה עד בואו האוהלה; מלמד שחשדוהו באשת-איש.
דו אַנטפּלעק פאַרן נישטיקן המון די אייביקע אָביעקטיווע מיסטעריען פון אוניווערס, — וועט דער זעלבער המון, אין זיין אימפּאָטענטער קנאה צו דיין אומדערגרייכבאַרער הייך — דיך גלייך „אָפּפרעגן", צ ע ש מ ע־ט ע ר נ ד ־ ש א ר ף ־ ד י ר ע ק ט: „— עי, דו: וואָס שלאָפסטו עפּעס מיטן חברס ווייב?..."

ו) די מאַסע נעגירט — דעם גרויסן מענטש: ווייל אָנערקענען א י ם מיינט — אָנערקענען דעם א יי ג ע נ ע ם ג אָ ר נ י ש ט........ דערפאַר — וועט זי אויפנעמען, מיט גריילעכן ענטוזיאַזם — דער גרוי-סער נישטיקייט: ווייל אָנערקענענדיק א י ר, — אָנערקענט זי בלויז — א י ר א יי ג ע נ ע ם „וו ע ר ט"....

ז) אַז די מאַסע שטעלט איינעם — העכער פון זיך, — שטעלט זי אים, פאַקטיש — װ יי ט ע ר פון זיך, א ו י ס ע ר פון זיך, און קיינמאָל נישט — באַגלייך מיט זיך: ווייל זי פאַרטראָגט אים נישט; זי טוט אים אָרגאַניש האַסן.

ח) די פ אַ ר ע ר ו נ ג פון דער מאַסע איז — אַ טאַטעמישע. די מאַסע אידענטיפיצירט זיך מיטן טאַטעם דעם זכר; זי ליבט אים; ער ווערט — איר מאָדעל; און זי — מיט איר איינענער אויפגייענדער קראַפט — וויל אים נאָכטון. עס איז — איר ליבע צו זיך, צו דער אייגענער זכר־קראַפט. זי ליבט ז י ך — אין אים. זי האַסט, דערפאַר, דעם טאַטעם. זי פאַרערט אים. זי שטעלט אים — אויסער זיך. זי איז דעצידירט — אים צו פאַרלענדן; אים צו פאַרטרעטן.

ט) מאַסע און אינטעליגענץ. אינו דומה עבד לפני המלך כשר לפני המלך. עס איז אַ קאַטעגאָרישער אונטערשייד צווישן אַ מ ק ו ר ב למלכות, און אַ מ ט ו ר ף - ל מ ל כ ו ת: דער עבד, וואָס איז משוגע אַף מאַכט; דער אייביקער פאַרשווערער קעגן אינטעליגענץ — אוים אינערן: כלומרשט, אלס באַדינער, נכנע. תחת שלוש רגזה ארץ, תחת עבד כי ימלוך.

י) די מאַסע, אין איר אילוזיע פון אומבאַזייגבאַרקייט, — פּרעטענדירט צו ווערן — דער סובסטיטוט פון אַלמעכטיקן געדאַנק. דערפאַר, ווערט דער אינטעלעקטועלער אינדיווידואום אין איר בטל — אלס אינטעלעקט: ער דערשפּירט אַ אַנדער מעכטיקע קראַפט — אַ נידעריקערע.

יא) די פאַרערונג פון יונגע צו עלטערע איז — חוזק, איראָניע פון יונגן זכר צום אימפּאָטענטן זקן. יעדע טיפע אונטערשטרייכנדע פאַרערונג איז — ריקקער צום פּרעהיסטאָרישן דראַנג פון יונגן אויפגייענדן גבר: צו פאַרלענדן דעם טאַטעם, אַליין פאַרנעמען זיין אָרט.

יב) ווײ איז צו „דעם אומגעקומענעם מאַרטירער": וועמען די מאַסע האָט שוין באַקלאָגט און, מיט אַזויפיל ליבע, פאַרהייליקט; און עס שטעלט זיך אַרויס, מיטאַמאָל: אַז ער האָט זיך געראַטעוועט — ער לעבט!... אָ, זאָל ער, ליבערשט, נישט צוריקקערן — אויב ער וויל נישט: אַז זי — די זעלבע מאַסע — זאָל אים, ערשט, מיט נידערטרעכטיקן האַס, צעשטיקלען, פאַרלענדן... פון ליבע צו האַס איז איין שריט.

---

א) די גרעסטע געפאַר פאַר דער קולטור איז — די געבילדעטע נישטיקייט.

ב) געדענקט: ג ע ד אַ נ ק פ ו ן ש ט אַ נ ד אַ ר ט איז קיינמאָל נישט ד אָ ס, וואָס — ש ט אַ נ ד אַ ר ט פ ו ן ג ע ד אַ נ ק.

ג) די אויסנאַמען פון דער איינפאָרמיקער מאַסע זענען — די אַרויסשטאַרצן, וועלכע העלפן דעם מענטשנס געדאַנק אַרויסצוקריכן פון פינצטערן תהום צום ליכט פון טאָג.

ד) די טעמפּע מאַסע ברענגט אַריין איר רוטין — אויך אין דער וויסנשאַפט. אָנשטאָט דער פשוטער שלעפּ-קראַפט פון אַ מאַסע פערד, ווי אַמאָל, — זעט די טעמפּע מאַסע אין דער וויסנשאַפט — די טרייב־דינאַמע פון אַ מאַסע פערד-קראַפט. און עס קומט איר פאָר — היינו הך.

ה) די מאסע סלינגט אין די גלעסער פון טומל; דער אינטעלעסט — אין די גלעסער פון שטילקייט. ווייל די מאסע שלאָגט אין די גלאָקן פון כאאָס; דער אינטעלעסט — אין די גלאָקן פון שטורעם.

ו) דער אינטעלעקט דענקט מיט זיין געדאנק. די מאסע טראכט מיט איר שטיינער־טראכט. דאָס פאָלק טראַכט מיט זיין נאציאָנאלער טראכט.

ז) מיט דעם איינגעשאפטן וויסן פאסירט — אלציינס, ווי מיטן דעראָ־בערטן קאפיטאל: בעת דער באוואוסטזיניקער מענטש לאָזט עס אין גאנג — צוליב קאָנסטרוקטיווע צילן, — טוט די באוואוסטלאָזע מאסע פאר־נוצן איר אָנייגעניש — אף דעסטרוקציע  פ ו ן  ז י ך  און פון וועלט; אָדער, זי לאָזט עס גלאט ליגן אין זיך — בלאָקירט, אומבאוועגלעך, פאר־גליווערט — סעגן אלע סאָציאלע געזעצן פון קאפיטאל און וויסן.

ח) די מאסע שטרעבט צו דער דעזינטעגראציע — א ף  צ ו ר י ק,  צו פאָרמלאָזיקייט, צו איר  ג ע וו ע ז ע נ ע ר  יוגנט פון כאאָס... דא־סעגן, דער אינטעלעקט ארבעט אייביק פאר דער דעזינטעגראציע — א ף  פ אָ ר ו י ס :  צו שאפן, אין אייביקן גאנג פון דער עוואָלוציע, נייע אָר־גאנישע פאָרמען; צו ארויסברענגען א נייע לויטערע יוגנט — די פרייע פערזענלעכקייט פון דער צוקונפט.

ט) נישט איינמאָל געשעט, אינעם גאנג און לויף פון דער עדה: אז דער לעצטער (אין די אויגן פון דער מאסע — דער חכם) ווערט, מיטיינ־מאָל, געשטעלט — בראש, אף דער ערשטער פייערליניע: ווען עס ענדערט זיך, אומגעריכט, די ריכטונג; די מאסע, פאר שרעק, טוט אויסקירעווען דעם דישל אף צוריק.

י) אין קיין שום לאנד האָט מען נישט אזוי אויפריכטיק מורא פאר דער רעוואָלוציע — ווי אינעם לאנד פון דער רעוואָלוציע גופא: טאָמער וועט דער צעבושעוועטער אימפולסיווער מאסע-עלעמענט, זיך געפינענדיק אפן שייד־וועג פון איבערגאנגס־צייט, — בלייבן שטעקן הינטערוועגנס, אין הפקרות; זיך אָפזאָגן גיין ווייטער, צום ציל; נעמען נאָכגעבן דעם אייגע־נעם דראנג — אף צוריק...... דער רעוואָלוציאָנערער פירער שרעקט זיך צו בלייבן לאנג — אויסער סאָציאל, אויסער געזעלשאפט, הינטער וועגנס, צווישן ישוב און ישוב: וואו עס לאָקט דער מאסע דער כאאָס פונעם שלאכט־פעלד... און ער איילט, דארום, די רעוואָלוציע צו לעגאליזירן; איר אָנטון דעם לבוש, די צוים פון שטייגער, פון א ישוב.

יא) ווען א פרייער געדאנק קומט־אויף, ווי א ליכט־שטראל, אוים דעם חושך, — איז ער דעצידירט זיך צו באוועגן — גראָדליניק און אייג־פאָרמיק; אזוי — אָן א סוף. (געזעץ פון אינערץ.) ער שניידט זיין וועג — ליכטיק און פריי, אויסשטראלנד מיט יונגער פרייד. אלדאָס אלטע פאר־שימלטע, וואָס ער טוט אָנבאגעגענען פאר א שטער, — מאכט ער דורכ־לויכטן, מיט זיין גוטן הומאָר; עס באקערן און באגייען; מיטפירן מיט זיך.

נאַר, אונטערדעסן, גיט ער זיך נישט קיין רעכענונג: ווי עס נעמט אים גראַווי־טירן, אין זיין אינערן — דער נידער; בויגן זיין שטאָלץ; ציען אומווידער־שטיילעך אַף אראָפּ... „זאָל עס הייסן: אַז דער שונא שטעקט אין אים און פּירט?..." ביז, ער קומט אָן צום לעבן — אַ פאַרענדערטער, נישט צום דער־קענען; און בלייבט ליגן אַף דער ערד, ווי אַ שטיין; פונעם אָרט מער רירט ער זיך נישט. (דאָס זעלבע געזעץ פון אינערץ.) אָבער בא זיין נאָמען פאַר־בלייבט ער — אַ מצבה־שטיין, וואו עס דאַרף ווערן אויסגעקריצט: „פּה נטמן דער נעדאַנס".

יב) יעדע קוואַנטיטאַטיווע ענדערונג אין אַ קעגנשטאַנד ברענגט אַ קוואַ־ליטאַטיווע. דער פּרימיטיווער, אימפּולסיווער, קאָלעקטיווער מאַסע־איך ווערט מעכטיקער — אַדאַנק אידענטיפיצירן־זיך איינאַנדער, דורך אומ־דירעקטער ליבע. ער ווערט מעכטיקער, אין זיין דראַנג צו צעשטערן. ער צעשטערט, אַזוי אַרום, אין זיך און לייזט־אויף אַלע סאָציאַלע דיפערענצי־רונגען פון אינטעלעקטועלן אינדיווידו־איך. ער ווערט — עפעקטפולער, טעאַטראַלער, נאַקעט־עקסהיביציאָניסטישער. ער נעמט אָבער, דערפאַר, פּראָדוצירן — שטאַרקער, אינטענסיווער (שפּילן בעסער זיין עלעמענט־ראָל אַף דער בינע פון לעבן), — ווען ער ווערט רעזשיסירט דיריזשירט ד ו ר ך ש כ ל. דאַקעגן, ווען אימפּולס־אַקטיאָר רעזשיסירט, — ווערט דער מאַסע־איך — שרעקלעך־גרויזאַמער, אין זיין עלעמענטאַלער צעש־טער־שפּיל.

יג) דער רויש־אימפּולסיווער מאַסן־באַנריף ווענן אַרבעטן — נעגירט די אײדעלע שטיל־אינזיכיקע טעטיקייט פון אינטעלעקט; זיך נישט־גי־בנדיק קיין רעכענונג: אַז, אָן דעם מאַרך, — וואָלט די אימפּולסיווע מאַ־סע אַליין גלייך געבליבן געליימט — פון איר בליץ־צעשטערערישער עקס־פּלאָזיע פּאַריינמאָל...... און אָט איז אַן אומבאַדייטנדע ממש־וואולגאַרע אילוסטראַציע: קעגן דער דראָענדער צעשטערערישער גוואַלדזאַמער טע־טיקייט פון רויבער, — שטעלט אַרויס דער שכל — אַ פאַרשטאַרקטע שמירה... און עס ווערט, מיטיינמאָל, מאָדנע שטיל. אויבנויף־גענומען — געשעט, דאַכט זיך, גאָרנישט. אַ פולשטענדיקע פּאַראַליזאַציע. נישט מע זעט, אַז די וועכטער אַליין זאָלן עפּעס טון; נישט זיי לאָזן צעפירן די הענט דעם צד־שכנגד, דער מאַסע רויבער... ממש, אַ געליימטקייט האָט זיך דאָ געלייגט אַף אַלעמען באַגלייך; אַזש, מע קען אומקומען, פאַר נישט־גוט־קייט!... און דאָך: וואָס פאַר אַ גוואַלדיקע שעפערישע טעטיקייט דער שכל טוט דאָ אויף, אין דער שטיל; און וואָסאַרע ברייטע האָריזאָנטן ער טוט ערשט צעעפענען פאַר קאָנסטרוקטיווער פּיבערהאַפטער אַרבעט!...

יד) דער קולטור־כאַם, מיט זיין איינהאַנדלען קולטור־אוצרות, — קומט פאָר: ווי דער אַלטער בעל־עבֿרהניס — בא זיין יונג ווייב; וועלכע

סומען פאַר, ביידע: ווי דער הונט — באַ אַ פור היי: נישט ער אַליין האָט הנאה, נישט ער לאָזט אַנדערע צו.

# אָדם וחוה, אָדער אָדם ובהמה

א) זאָל זיך די היינטצייטיקע פרוי נישט פאַרקלאָגן: אַז דער מאָדערנער מאַן האָט איר אויפגעהערט פאַרהערלעכן, פאַרגעטערן! ניין. עס איז נאָך אַלץ פאַרבליבן דאָס אומענדלעכע אינדיע: זואו פיר הונדערט מיליאָן מאַן פאַרהייליקן אַ קו.

ב) אַ הויז־פריינט קוקט אָפן חברס פרוי — מ י ט ב אַ ו ו אַ ו נ ד ע־ ר ו נג; און ער זעט נישט: אַז דער חבר קוקט אַף אים — מ י ט פ אַ ר ו ו אַ ו נ ד ע ר ו נ ג.

ג) אינו דומה, מי שיש לו פת בסלו: ווערט ער שטענדיק גערייצט; למי שאין לו: האָט ער עס נישט פאַר די אויגן, איז ער רואיק. און ווי ר' זירא האָט געזאָגט: אבר קטן יש באָדם. כל מה שמשביעים אותו, הוא רעבן; וכל מה שמרעיבים אותו, הוא שבע.

ד) מע מוז נישט זיין קיין גרויסער מענטש, אַף צוצוגיין נאָענט צו דער פסיכאָלאָגיע פון דער פרוי. מע מוז אפשר אינגאַנצן — נישט זיין קיין מענטש.

ה) וואָס איז ליבע? — אַ הארצשלאָג. ביסט געגאַנגען, די גאַנצע צייט — רואיק און פריי. ביז עס איז דיר אָנגעקומען אנטקעגן די פרוי, — און דיין האַרץ נעמט שלאָגן מסוכן. דו קאָנסט מער נישט גיין.

ו) ר' מאיר רמון מצא, תוכו אָכל, קליפתו זרק. אַז ר' מאיר האָט געפאַקט אַ ראָמאַן, — האָט ער זיך גלייך גענומען פאַרן עיקר; און די קליפה, ר"ל, באַלד דערנאָך, דורכגעטריבן... אין דעם זין, האָט ער אַריינגעטראָפן אין היינעס זאָג: נאָך דער ליבע, הויבט זיך אָן די פרוי.

ז) יעדער פאַרליבטער מאַן ווערט אַ דיכטער. ער נעמט, דאַרום, זוכן אין דער פרוי — ד י ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ז ײ ט א י ר ע ב ל ו י ז. נאָר, אַזוי ווי ער קאָן זי, באין אופן, נישט לאָקאַליזירן, — נישטערט ער שוין פיבערהאַפט — אין אַלע זייטן.

ח) איטלעכן פרעסט אויף די פרוי. איינעם — די פרוי, וואָס ער ב אַ־ ז י צ ט. אַ צווייטן — די פרוי, וואָס ער באַזיצט **נישט.**

ט) איינער ליידט פון דער פרוי, וועלכע גלאַנצט אין זיין לעבן — מיט איר אָ נ וו ע ז נ ה יי ט. איינער — פון דער פרוי, וועלכע גלאַנצט — מיט איר אָ פּ וו ע ז נ ה יי ט.

י) אַ הויז-פריינט זעט אינעם חברס פרוי — וואָס אַ טוריסט, אין אַ פרעמד לאַנד; בעת די אייגענע איינוואוינער זעען גאָרנישט.

יא) דעם מאַן ציט צו דער באַקאַנטער פרוי: אַזוי ווי איינעם — צום

אַרט, וואו ער האָט עפּעס ווערטפולס פאַרלאָרן.

יב) נישטאָ קיין אומשטערבלעכע ליבע. העכסטנס, פאַרליבט מען זיך בלויז — שטערבלעך.

יג) אינעם ליבע־אַקצידענט פּאַסירט פאַרשיידן: איינער קומט אָפּ מיט שטערבלעכע וואונדן; און אַ אַנדערער — מיט אומשטערבלעכע וואונדן; דאָס הייסט — מיט גאַנץ־לייבטע.

יד) פאַרן מאַן איז די פרוי — אַ ע נ ד ל ע כ ע ר עטאַפּ בלויז — אין זיין גאַנג צום אומענדלעכן.

טו) די פרוי איז — ד ע ר ס ט אַ ט י ש ע ר אַ פּ ר ו ־ ב ל ו י ז — פאַרן דינאַמישן מענטש — אין זיין סינטעטישן גאַנג איבערן לעבן.

טז) דער מאַן אומאָרעמט אין דער פרוי — נאָר זיין אייגענעם אוניווערסאַלן אייביק־דינאַמישן קונסט־טרוים: וועלכער שיינט אויף, בלויז אַף אַ מאָמענט — אום גלייך צו פאַרשווינדן; וועלכער לאָזט זיך קיינמאָל נישט פאַנגען; וועלכער לאָזט זיך קיינמאָל נישט, איינמאָל אַף תמיד, פאַרווירקלעכן; און ווי זיין וויזיע־טרוים, — פאַרבלייבט דער מאַן, דעריבער — אייביק־אומרואיק, אומטריי, פאַרעטעריש צו דער פרוי: ווייל — אומרואיק־טריי, לאָיאַל, אַף אייביק איבערגעגעבן — צו זיין אוניווערסאַלן קונסט־טרוים.

יז) דער ליבע־שטערן, די לבנה, האַלט אייביק פאַרהילט אין פאַטאַלער מיסטעריע — די אַנדערע זייט פון איר אומויסגאַנגלעכן עיגול־אַפּשלום.

---

א) נישטאָ קיין גרעסערער נאָנסענס, ווי: שטרעבן צו ווערן „דערהויבן" — אין די אויגן פון אַ פרוי... ווייל: ווי ה ו י ך איז דען די־פרוי־מיט־אירע־השגות — אַ־נגאַנצן?!.

ב) אַז איר קלויבט זיך לאַנג ווײַלן בּאַ אַ פרוי, — דאַרפט איר זיין גרייט — זיך צו לאַנגווײַלן.

ג) והנה תומים בבטנה. דער בטן האשה איז דער תהום.

ד) מה שלא יעשה השכל, יעשה הזאָמען.

ה) אַז דו זעסט: אַ פרוי חלשט, — זאָלסטו גוט נעמען דעם קאָפּ אין די הענט אַריין און אַ קלער־טון: — וואָס איז איר עפּעס איינגעפאַלן — איינצופאַלן?

ו) דער אמת פון דער פרוי שטעקט אין איר ליגן.

ז) אָרטאָגראַפיע: אַמאָל שרייבט מען — אור־שפּרינגלעכע סיבה; אַמאָל — הור־שפּרינגלעכע.

ח) אַ פרוי וועט מוחל־זיין אַ פאַראַט — אַ קלוגן מענטשן: ווייל ער איז איר , סיי־ווי —־ פרעמד. זי וועט דאָס אָבער קיינמאָל נישט שענ־

קען — דעם אידיאָט: ווייל קיינער איז איר נישט אזוי ליב און איינן, ווי ער.

ט) פארוואָס וועט אייך די אומבאַקאַנטע אוואַנטוריסטקע קיינמאָל נישט אַנגעבן איר נאָמען? ווייל דאָס, וואָס זי טוט, האָט דען א נאָמען?

י) אשה פלג גופא: די פרוי איז — די פלאָג אליין.

יא) אישה קרקע עולם היא. די פרוי איז — די בית-עולם-קרקע פון דער וועלט.

יב) די פרויען־בושה איז — דער בלוט־רויטער געפאַר־סיגנאַל, פאַר דעם צוג פון לעבן.

יג) דער אויער פון דער יונגער שיינער פרוי איז — דער מושל — וואו־הין דער ים פון לעבן זינגט אריין, אָן אויפהער, זיין ליבע-געזאַנג פאַר איר.

יד) דער גרעסטער שונא פון דער עמאַנציפּאַציע איז — די פרוי: וועל־כע באַפּאַרצוגט אייביק צו זיין — דעם מאַנס טיראַניזירנדע שקלאַ־פין. תחת שפחה כי תמלוך.

טו) יעדע גוטע פרוי — פון אלע ראַסן — פאַרמאָגט די גוטע קריסט־לעכע מידה פון הכנעה. אז דו גיסט איר א קוש אין איין באַק — וועט זי, גאָטספּאַרכטיק־פרום, גלייך אויסשטרעקן צו דיר די צווייטע.

טז) די פרוי — ווי א וויטאַמינע — קאָן ווערן בלויז: ד ע ר ס ט י־ מ ו ל צו דערנערונג; נאָר, באין אופן נישט — די דערנערונג גופא.

יז) די פרוי איז, אין ערגעץ נישט — אין דער היים. דערפאַר, דער־שפירט זי זיך גלייך, אומעטום — בא זיך אינדערהיים; ווייל זי ווייסט נישט פון קיין היים-ווייי........ א פרוי בענקט קיינמאָל נישט א־היים: ווייל זי איז אליין — „די היים". במילא, איז זי היימלאָז. איר היים איז אומעטום, ווייל — אינערגעץ.

יח) די פרוי זאָגט נישט — ווי פראָסטאקאָווא וועגן מיטראָפאַנושקאַן: „— אז אלץ, וואָס זי באַנעמט נישט — שכל, קולטור (און מאָראַל) — איז דומהייט, איז אומזין!" אָ, זי גייט פיל ווייטער. זי איז — פּאָרזיכ־טיקער, באַרעכנטער און זי באַנעמט: אז אלץ, וואָס קאָטיזירט זיך נישט אף איר בירזשע, וואָס ליגט מחוץ פון איר השגה — איז נ ע פ ע ר־ ל ע ך, מסוכן פאַר איר קיום.

יט) די אימפּולסיווע פרוי איז נישט, חלילה, קעגן דער וויסנשאַפט פון מענטשלעכן אינטעלעקט. נישט מער — זי פירט בלויז צו די וויסנשאַפט צו איר אייגענער פערזאָן. אזוי, למשל, צווינגט זי דעם אסט־ראָנאָם צו פאָרשן די שטערן־שיין נאָר פון אירע אויגן אליין; א. א. וו.

כ) פונדעסטוועגן, וואָלט געווען א עוולה צו נעגירן די פונקציע פון שכל בא דער עמאַנציפּאַנעלער פרוי. והא ראיה: בת כוהן כי תחל... (ויקרא כ"א.)

**כא)** קריסטוס האָט באַזינגט דאָס בייז פון דער וועלט: דאָרנדער, וואָס ער האָט עס געריצט — אַז עס זאָל אים קרייציקן... פאַרקערט אַזוי, זוכט די פרוי צו באַזינגן — ד אָ ס  ג ו ט ס  פון דער וועלט: דאָרנדער, וואָס זי האַלט עס, נאָכאַנאַנד, אין איין רייצן — אַז עס זאָל איר קרייציקן.

**כב)** די פרוי — ווי גאָט: דער פּערפעקטער רייפער ענטפער אויף אַלע לעבנס־פּראָבלעמען — ווערט געבוירן אַלט. די פרוי — ווי גאָט: ה ע כ ע ר  פונעם לעבן און, ווי ער, קיינמאָל גאָרנישט איבערלעבנדיק — בלייבט אייביק יונג.

**כג)** די פאַרגעטערטע פרוי איז — אַמאָראַליש. זי ליבט — ווי גאָט — די גאַנצע וועלט: יעדן, אָן אויסנאַם. זי באַגערט — ווי גאָט — גע־ליבט צו ווערן פון דער גאַנצער וועלט: פון יעדן, אָן אויסנאַם. אַזוי איז — די עכטע פרוי: די נישט געצוימטע, די נישט פאַרדאָרבענע — דורך דעם מאַנס ציוויליזאַציע.

**כד)** די טויט־ניכטערע פרוי גלויבט ענטוזיאַסטיש אין דער עקזיסטענץ פון גאָט, פון אידעאַלן — אויף אַזויפיל: אויף וויפל דאָס פאַרזיכערט — איר אייגענע געטלעכע עקזיסטענץ: דאָס ענטוזיאַסטיש־איר פאַרגע־טערן — מצד דעם מאַן; זיין אידעאַל־עקזאַלטירט־באַוווערטיקן — איר גאָרנישט־ווערטיקייט.

**כה)** די פרוי — אין איר זעלבסט־פאַרגעטערונג — לייקנט תמיד קאַ־טעגאָריש אירע באַגאַנגענע זינד, און זי איז — ערלעך־גערעכט; ווייל זי האָט, ווירקלעך, גאָרנישט געטון. ווי גאָט, — איז זי — פּערפעקט, אומפאַרענדערלעך, אויסער דעם לעבן, זי לעבט גאָרנישט איבער; ווי גאָט, — איז זי: א ל יי ן — די עקזיסטענץ, די נשמה, דאָס זיין; אַלעס אַרום איר, די וועלט, איז — לויטער מאַנס אויסדאַכטעניש, זיין אילוזיע, פאַר־בלענזעניש; טאָ: וויאַזוי קאָן דאָ זיין אַ רייד  פ ו ן  ט ו ן ? !

**כו)** אַ פרוי פאַראַט קיינמאָל נישט קיינעם. זי איז: אַן עכטע אייביקע שוישפּילערן — אויף דער בינע פון לעבן. זי שפּילט קינסטלעריש אירע ראָלן פון ליבע, טרייהייט, באַטרוג — פאַר אירע צושויער און פאַרערער; אַמאָל — פאַר דיר, אַמאָל — פאַר מיר; און זי רייסט אונדז מיט. וואָסאַר משוגענעם וועט עס איינפאַלן איר באַשולדיקן דערפאַר? פון איר פאָ־דערן אָפּשפּילן, אַ לעבן לאַנג, טעאַטער — פאַר אייניינציקער פּערזאָן!?!

**כז)** פאַראַן פאַרשיידענע מסחרים אויף גאָטס וועלט. און פאַראַן כלערליי אַרטיקלען, וואָס מע שטעלט אַלץ אַרויס אויפן מאַרק, צום פאַרהאַנד־לען. פאַראַן דאָס אַרטיקל — י אָ ; און עס איז פאַראַן דאָס אַרטיקל — נ י ש ט ; און ביידע, יאַקאָש, לאָזן זיך פאַרשאַכערן נישט־שלעכט; דער עיקרשט, ווען דער אָנבאָט קומט מצד דער פרוי. אַזוי, למשל, טרעפט מען, אין אַ גרויסער צאָל, די פרוי — וואָס האַנדלט יאָ מיט איר קער־פּער; און מע זעט, ווידער, אין אַ פיל־גרעסערער ממש־דערדריקנדער מער־

הייט, די פרוי — וואָס האנדלט נישט מיט איר קערפּער. איינע האנדלט אָפּ יאָ, די צווייטע האנדלט אָפּ נישט; אָבער האנדלען האנדלען ביידע.

כח) אָ, די גוטע אלטע מויד פון יעדער עכטער פּראָלעטארישער פּאר־טיי, איבער דער גאָרער וועלט, איז — דער באשטאנד־טייל, דער סינע-קווא־נאָן פון דער באוועגונג. זי איז — די נשמה, דער באלעבונגס־אָטעם, דער פלאמיקער גייסט פון דער אָרגאניזאציע. אָ, ווייל זי און איר טריי-אלט־מוידיש־פארבליבן לעבן זענען — איין לויטערער לויכטנדער סימבאָל פון א הימלש־הויכן אומדערגרייכבארן אייביק־יונגן רייצנדן בילד־שיינעם, ווי א פרינץ, אידעאַל, וועלכער — ווײַ! — וועט שוין, דאָ אָפּ אונזער פינצטערער זינדיקער ערד, קיינמאָל נישט פארווירקלעכט ווערן...

---

א) ווער עס רעדט א סאך — וועגן פרייהייט פאר דער פרוי; און ווער עס גיט זיין לעבן אוועק פאר דעם פרייהייטס-אידעאל — אין דער שטיל: דער מאָדערנער מאן. ער דינט, ער שיצט, ער פארשטעלט, — אבי — עס זאָל זיין שטיל.

ב) די אידעאַלע פרוי ווייסט תמיד, ווי צו האלטן איר מאן אין א גע־שפּאנטער לאגע; אָדער, איינפאכער גערעדט — אין שפּאן.

ג) א גוטע פרוי פארטראָגט נישט — איר חבר זאָל אָנהאלטן זיין גע־וואוינשאפט פון אמאָל: צו לייענען שיינע ליטעראטור. וואָס האָט ער דען דאָרט געזוכט, תמיד, אין זיינע אינגלשע טרוימען, אז נישט — איר... ערשט — אז זי איז דערשינען פאר אים, אין זיין לעבן, — וואָס זוכט ער מער?

ד) די צוגעבונדנקייט צו א פרוי, די ליבע, איז ווי די געבונדנקייט, בכלל. זי נעמט אָפּ די מעגלעכקייט פון גיין, פון באוועגונג. מיט דער צייט, מאכט זי אָפּשטארבן די גלידער, גענצלעך פאראליזירט.

ה) די גוטע געטרייע חברטע איז געפערלעכער פארן מענטש, איידער — זיין אָפענע פיינטין. זי איז — דער גיפט, פארוויקלט אין דעם זיסן, וואָס מאכט איינדרעמלען זיינע, דעם מענטשנס, אויפמערקזאמקייט.

ו) באם מאן איז משפחה — א סאָציאלער באגריף. בא דער פרוי — א אנטי-סאָציאלער.

ז) איידער דו גייסט זיך פארבינדן מיט א פרוי — לייען פריער, א צייט, צייטונגס־ראָמאנען אין פאָרזעצונגען.

ח) ויבן יהוה אלוהים את הצלע אשר לקח מן האדם לאשה ויביאה אל האדם (בראשית ב') און גאָט האָט אויפגעבויעט די תפיסה, די פרוי, און זי געבראכט צום מענטשן.

ט) א פרוי איז נישט ניחא: אז איר געליבטער זאָל, פאר יעדער לאסטע, גיין פאר איר — מיילן ווייט. ווען־זשע וועט ער זיין מיט איר? שוין ליבערשט — אינגאנצן נישט גיין, בלייבן צוזאמען, זיך

נישט דירן פון אָרט.

י) פון ליבע צו הייראט איז דער חילוק, ווי צווישן מיתה בנשיקה און א מיאוסער נשיקה, אלצייגנס.

יא) אז א פרוי, אוים גרוים פארצווייפלונג, נעמט זיך רייסן די האָר פון קאָפּ, — זאָלסטו זיך האלטן דאן פון איר אַף א בכבודיקער דיס־טאנץ; אויב דו ווילסט נישט: אז אָנשטאָט א י ר ע — זאָל זי, די אום־אומגליקלעכע פרוי נעבעך, גאָר נעמען פליקן ב א ד י ר די האָר פונעם קאָפּ.

יב) ווילסטו דערשפּירן אין דיין לעבן — ד ע ם ע כ ט ן ש ו י ד ע ר פ ו ן א יי נ ז א מ ק יי ט, — דאן נעם, ד ו מ ע נ ט ש, און ברענג אריין אין דיין הויז — ג אָ ט: דיין פארגעטערטע פרוי...... אזוי, פאריינוועגס, וועסטו אויך אנטפּלעקן ד י וו אָ ר פ ו ן ג אָ ט — אין איר איינציקער עווענטואליטעט: אין דער עקזיסטענץ פון ש ע פ ע־ר י ש ־ א ו מ ע נ ד ל ע כ ן ג אָ ר נ י ש ט, וועלכער פרעסט אייביק דאָס לייב פון מענטשנס אָריגינעלן קריטישן גייסט.

יג) נישט איינמאָל: גייט דער מאן, אין זיין צאָרן, און ער טוישט אוים דער פרוי — אפן אמת. און ער גיט זיך נישט קיין רעכענונג: אז דער אמת וועט אים קיין קינדער נישט פארשאפן. נ אָ ר זי — די פרוי — קאָן אים ברענגען דעם איינציקן אמת אַף דער וועלט: דאָס קינד.

יד) דער גרעסטער געפערלעכסטער שונא דער קונסט איז — די קונץ־פרוי: ווייל זי זעט אין דער עכטער קונסט — איר נעגאציע. זי וועט, דערפאר, אייפערן היסטעריש איר געליבטן און צו אים קוויטשען: — פארגעס אָן טויטן קונסט־בילד — אינעם בוך, צי אפן לייוונט, — ווען דו האָסט צו באוואונדערן מ י ך — דיין איינציק געטלעך קונסט־בילד א י נ ע ם ל ע ב ן — פאר דיין גליק־צעראשטן בליק.

טו) א פרוי האָט איבערגעלעבט א טראגעדיע און פעסט באשלאָסן: מער קיינמאָל נישט הייראטן. שפּעטער — האָט זי באגעגנט א מאן, וועלכער האָט אויך דורכגעמאכט א ענלעכע טראגעדיע און, דאדורך, גע־קומען צום זעלבן פעסטן באשלום. איז, אָט מחמת דער דאָזיקער פעלזן־פעסטער כאראקטער־ענלעכקייט זיינער צו אירער, איז ער איר אזוי שטארק געפעלן, — אז זי האָט אים גלייך געהייראט.

טז) די פרוי: וויפל לבושים זי האָט נישט, — איז זי תמיד — נ א־ק ע ט. וידעו כי עירומים הם. עס איז איר דראנג צו אייביקע דיספּראזן, פארקליידונג, פאָרשטעלונג. אָבער דאָ קומט דער גרוש פון גן־עדן — און עס הויבט זיך אָן — דער גהינום.

יז) אלזאָ, זאָל דאָס ווערן פארצייכנט און פארגעדענקט לדורות: סיי דער הויז־פריינט, סיי דער אייגענער מאן, — ביידע האָבן צו טון — מיט א ווילד־פרעמדער פארהייראטער פרוי. און דער אייגענער מאן —

נאָך ניבער אפשר, ווי דער ווילד־פרעמדער הויז־פריינט; און ווי עס האָט געלערנט דער גרויסער משה נאדיר: אז עס עסט זיך דיר צ ו די איי־גענע פרוי, און עס פארווילט זיך פארזוכן א פרעמדע, — דאַן, זאָלסטו באניים גיין — דווקא צו דיינער; ווייל: וועלכע פרוי נאָך אין דער וועלט קומט דיר פאַר אזוי ווילד־פרעמד, ווי — דיין אייגענע?!

יח) באם מאן איז די פרוי — א ן אָ פ ר ו ־ ע ט א פ ב ל ו י ז פון מאָמענטאנער לעבן־אָפּלאָדונג, פון מאָמענטאנער באפרייונג — אין זיין אייביקן גיין, מיטן עטאפ, איבערן שווערן לאסט־וועג צום וויסן. נאָר, באצאָלן, פאר זיין אָפּרו, הייסט מען אים — מיט א פרישער ט ו י ט־אויפלאָדונג: וועלכע נעמט בא אים אוועק אינגאנצן — זיין מענער־קראפט פון גאנג אין פאָרויס.

יט) די אימפולסיווע פרוי, (נישטאָ קיין אנדערע) — ווי א צעשטע־רערישער נאטור־עלעמענט, (פונקט ווי די אימפולסיווע מאסע, אלצ־איינס) — לייזט אויף אין זיך דעם אינטעלעקטועלן מאן־אינדיווידי. זי צעשטערט אלע זיינע דיפערענצירונגען מיט איר. זי אידענטיפיצירט אים מיט זיך אינגאנצן און זי מאכט אים, דאדורך, זיך שפירן מעכטיקער. זי ווערט זיין אייפערזיכטיקער גאָט; און זי לערנט אים: אָנוכי ולא יהיה לך: אין זיין דינען צו איר — זאָל ער זיך נישט אָ פ ה א ל ט ן פ א ר ג אָ ר נ י ש ט. ווייל זי און איר ווילן, דאָס איז — די איינציקע עקזיס־טענץ; במילא — די איינציקע מאָראל.

כ) באם מאן איז די הייראט — א פאטאלער וואנזין־אקצידענט, אפן גלייכן וועג — אין זיין געיעג נאָכן גליק פון באפרייונג... גלייך דאַ־רויף, — אינטערנירט מען אים — אף לעבנסלענגלעכער אָבסערוואציע — אין דעם אוניווערסאלן משוגעים־הויז; וואו מע פארשפארט אים אין א באזונדער קארצער, אונטער דער שטרענגער בארמהארציקער השגחה פון א טרייער קראנקנשוועסטער — זיין פרוי... טרעפט: אז ער קומט צו זיך פונעם אַקצידענט; ער ניכטערט זיך אויס; ער כאַפּט זיך, וואוהין ער איז דאָ אריינגעפאלן; און ער וויל אנטלויפן צוריק אף דער פריי, — דאן וועט ער — אומעטום, איבער אלע שטעגן און וועגן, וואוהין ער וועט זיך נאָר טון קערן און ווענדן — אָנבאגעגענען אזויפיל בייזע וועכטער: — אזוינע אומגליקלעך־אקצידענטירטע, ווי ער; נאָר, מיט דער צייט, שוין געליימט־געוואָרענע, אלע, פון אומבאוועגונג, און בלויז מיט דער אימפאָטענט־פאר־בליבענער בענקשאפט אין הארצן, — ; און זיי — אויס קנאה צום דריי־סטן כוואט, — וועלן אים פארשטעלן שטרענג דעם וועג...... ביזקל וואנען — ער נעמט זיך געבן רעכענונג, דער עלנטער: „— אז עס איז גאָר נישטאָ, וואוהין צו אנטלויפן!... ווייל — ריזיק איז דאָס משוגעים־הויז פון דער וועלט! אָ, עס איז — אלוועלטלעך!... און פון ערגעץ פירט נישט קיין וועג מער צו זיין נעכטיקער פרייהייט!... זאָל זיין: אז דאָס איז געווען — זיין

אילוזיע בלויז?!... פרייהייט — אַן אויסדראַכטעניש, נישט מער?......״
נאָר — לאַנג איבער דעם טראַכטן, גריבלען־זיך וועט אים די קראַנ־
קנשוועסטער, סיי־ווי, נישט לאָזן! אַ, זי, די בארמהארציקע, שפּירט אויס־
געצייכנט: „ווי שלעכט עס דארף אים שאַדן דאָס טראַכטן פאר זיין גע־
זונט!...״ און זי איילט, דארומער; און זי ברענגט דעם קראַנקן — אַ פּרוכט,
אויס דעם בוים פון לעבן...... „זאָל ער זיך פארשפּילן, דאָס קינד; וועט
ער פארגעסן — וואָס נעכטן איז געווען...״

כא) אַנערקענען אין דער געזעלשאַפט גלייכע רעכט און פליכטן פאר
מאַן און פרוי — איז פּונקט אזא אבסורד, ווי דערקלערן: אַז די
פונקציעס פון דער אינטעלעקטועל־קאָנסטרוקטיווער אנטיטעזע און פון
דער אימפּולסיוו־צעשטערערישער טעזע זענען — איינס און דאָס זעלבע.

---

א) דער מאַן האָט אַ מאַרך און אַ מאָגן. די פרוי — אַ מאָגן אינעם מאַרך.

ב) דער מאַן קומט אפּער פון דער ליבע — מיט ערנסטע וואונדן. די פרוי — מיט לייכטזיניקע.

ג) אַז צווישן מאַן און פרוי לעבט די האַרמאָניע — איז עס דערפאַר, ווייל צווישןביידן צאַפּלט די האַרמאָניע.

ד) די גרויסע נארישע פיקציע — אינטימיטעט פון מאַן און פרוי. צוויי־שן זיי ביידן טאַנצן אום — שד׳לעך פרעמדע צוויי: זיין אי־לוזיע — וועגן איר; איר אילוזיע — וועגן אים. נישטקשה פון אַ אינטימיטעט!

ה) די פרוי איז, אומעטום, אינדערהיים; ווייל — אינערגעץ. דער מאַן איז, אינערגעץ, אינדערהיים; ווייל — אומעטום.

ו) ווען אַ מענטש זאָגט: „— איבער מיין קערפּער וועט מען אריבער!״, — דאַן מאָג מען פארבלייבן זיכער: אַז קיין לעבעדיקן נעמט מען אים נישט! נאָר דאַ, גיט דיר אַ זאָג אַ פרוי: „— איבער איר קערפּער וועסטו אריבערטרעטן!...״ טרעטן, טרעט, טריט, טראָט... און דו בלייבסט — אַ פארציטערטער...

ז) דעם חברס פאָרגעשריטענע פרוי האָט אים פארלאָזט — איבער אַן אויסשליסלעך־אידעאָלאָגישער הורזאַך: בעת ער איז פארבליבן — אַ אַלטער מיאוסער קאָנסערוואַטאָר, — האָט זי זיך, אונטערדעסן, איינגעליבט אין אַ יונגן שיינעם סאָ־ציאַליסט.

ח) אישה קרקע עולם היא. די עמאַנציפּירטע פרוי איז — אמאָראַליש, אַסאָציאַל: ווי די אומאָרגאַנישע, נישט־אָרגאַניזירטע הפקר־ערד, וועלכע נעמט אויף גערן די זריעה פון יעדן... דאַקעגן, האָדם עץ השדה הוא. ערשט מיטן אינטעלעקטועלן מאַן — הויבט זיך אָן: די אָרגאַנישע

ביאָלאָגיע, די דיפערענץ, די צוים; די אָרגאַניזירטע סאָציאַלע געזעלשאַפט, מיט איר מאָראַל.

ט) די אימפּולסיווע פרוי האָט געזוכט אַלץ דערפאָרשן אין גן־עדן — אַף איר אייגענעם דרך פון שפּיאַנאַזש, דורכן איבערגעבן זיך דער שלאַנג... הטיל בה זוהמא...... אָבער דער מענטשלעכער געדאַנק קערט זיך אָפּ, מיט עקל, פון די דערמאָנטע פאָרש־דרכים, און אויך פון די גן־עדן־גליקן פון אומוויסנדער נאַקעטקייט. דער געדאַנק זוכט צו דערגיין דער־פאָרשן זיינע אייגענע מעכטיקע קרעפטן און מעגלעכקייטן. אָ, ער וועט שוין איינשאַפן לבושים, קולטור, לעבן.

י) מאַן און פרוי רופן מעכטיק נאָך־זיך, איינאַנדער — איבעראַל. כאָטש זיי קענען זיך נישט — אומדירעקט־סאָציאַל, — ד ע ר ק ע נ ע ן ז י י ז י ך אָבער גלייך, דירעקט־אינטים — עראָטיש־אוניווערסאַל. און אַלע איינגעשטעלטע סאָציאַלע שטערונגען פון לשונות, ראַסן, קלאַסן — אָט די אַלע מחיצות־דיפערענצירונגען פון דער אַזוי־גערופענער סאָציאַלער קולטור — ווערן, מיטיינמאָל, געשטעלט אין געפאַר, — אונטערן דרוק פון אַלמעכטיקן דירעקטן איבעררוף פון אוניווערסאַלן עראָס, אַף זיין איינ־ציק פּאָטענט לשון פון ליבע־האַס אין געראנגל.

יא) נאָכן שטילן (אָפּלאָדן) די זאָרג פאַרן קיום־המין, (אַלציינס, ווי נאָכן נאָכקומען דעם הונגער־רוף פון די געדערים נאָך ברויט) — הויבט ערשט אָן, מיט באַנייטן יוגנטלעכן הונגער־ברען, די זאָרג און דער שוואונג פ ו ן ד ע ם ב א פ ר יי ט ן מ ע נ ט ש: אומצואַרמען, מיט זיין דערוואַכט אייביק־אומדערזעטלעך־פאָרשעריש געמיט — אַלע האָריזאָנטן פון זיין אומענדלעכן איך־אוניווערס!...... נאָכן אויפנעמען (אָנלאָדן) אין זיך די זרע פאַרן קיום־המין, — ווערט די פרוי אַליין גלייך פאַרוואַנדלט — אין אַ שטיק פאַרשטיינטער נאַטור־פּערפעקציע — בלינד־אָפּגעלייזט פון גליק.

יב) דער פּאָטענטער מאַן שפּירט אין דער פרוי — ד י ק אָ כ י ק ע מ י ס ט ע ר י ע, וועלכע רעגט אים — זי צו באַנעמען און מיט איר זיך צו באַהעפטן... ביז, עס גייט אַריבער די פאַרבלענדעטע פּאָטענץ; און דער ניכטער־ער גרייז דערזעט פּלוצים פאַר זיך, מיט שרעק: „ווי הויל עס איז די פרוי פון יעטוועדער מיסטעריע; אויסגעלאָשן, וויסט, ווי עס איז אַצינד זיין האַרץ...״ ...עס קומט אויף, דאַרום, די פראַגע: אין וועמען באַהאַלט זיך אוים די מיסטעריע — אין איר, דער תמיד־ניכטערער פרוי; צי אין אים, דעם שיכורן פּאָטענטן מאַן?

יג) דער מענטש דענקט מיטן געדאַנק. די פרוי טראַכט מיט איר טראַכט...... דער געדאַנק געדענקט (דענקען הייסט — געדענקען,) דער־פאָרונגען; ער בינדט און פאַרגלייכט פּאַסירונגען; ער לעבט מיטן עבר, הווה, עתיד; ער אַסאָציאירט. ער זאַמלט, אַזוי־אַרום, דעם מענטשנס קול־

טור-געשיכטע. דער געדאַנק איז מאָראַליש, איז סאָציאַל, בינדלעך, געזעל־שאַפטלעך: ער באַנעמט דעם ווערט און די מיטהילף פונעם מיט-מענטש. דער געדאַנק געדענקט פאַרשפּרעכונגען; ער באַנעמט די פליכט און די שולד צום חבר דעם מיט־מענטש; ער ווייסט פון דאַנקבאַרקייט. דער גע־דאַנק לעבט און וואַקסט סאָציאַל. ער ל ע ב ט א י ב ע ר (געדענקט.) ווייל לעבן הייסט — א י ב ע ר ל ע ב ן. דאָס איז — דער סאָציאַלער מענטש. ער פירט אָן מיט זיין פּרימיטיוו צעשטורעמט געפיל־לעבן, וואָס רייסט אין אַלע זייטן; ער דערציט עס. ער איז סאָציאַל־אַכזריותדיק — ווען מען דאַרף. ער איז שכלדיק־גוט — ווען מע דאַרף. מיט איין וואָרט: ער איז — סאָציאַל־שכלדיק-מאָראַליש.

די פרוי שטעקט דורכוים — אין איר פּרימיטיווער בלינדער שפּירונג. די פּרימיטיווע שפּירונג לעבט נאָר מ י ט ן א צ י נ ד. זי געדענקט קיינ־מאָל גאָרנישט. ווייסט נישט פון דערפאַרונגען. בינדט נישט און פאַרגלייכט נישט קיין פּאַסירונגען. ווייסט נישט פון קיינע אַסאָציאַציעס. נישט זי זאַמלט, נישט זי ווייסט — אַזויאַרום — פון מענטשנס קולטור־געשיכטע; נישט זי געהער זיך, בכלל, אָן מיט דערמיט. די בלינדע שפּירונג איז: אַמאָראַליש, אַסאָציאַל, נישט־בינדלעך, נישט־געזעלשאַפטלעך. נישט זי באַנעמט דעם ווערט און די הילף פונעם מיט־מענטש; נישט זי געדענקט נעגעבענע פאַרשפּרעכונגען; נישט זי באַנעמט די פליכט און די שולד צו עמיצן; נישט זי ווייסט פון דאַנקבאַרקייט. אַלץ קומט א י ר — אריינ־צוציען אין זיך; זי קיינעם קומט גאָרנישט; זי איז — ענגהאַרציק בלינד טריי נאָר צו זיך... די בלינדע שפּירונג לעבט נישט — סאָציאַל. זי לעבט קיינמאָל גאָרנישט איבער. זי פאַרגעדענקט קיינמאָל גאָרנישט. זי איז — פינצטער-צעבושעוועט: ווי דער שטורעם־עלעמענט, וואָס דרייט בלינד אין אַלע זייטן; אָט — אַהין, אָט — אַהער; אליין נישט וויסנדיק — וואָס. דאָס איז — די אויסער-סאָציאַלע פרוי. אויך זי איז אַכזריותדיק־פרום־ברוטאַל — ווען ז י דאַרף. אָ, אויך זי ווייסט פון אַ מאָראַל!... און אויך זי איז — דערבאַרעמדיק־גוט: ווען ז י וויל... זי פירט אָן מיט איר נעדאַנק און מיט זיין נאַרישער טבע צו געדענקען. זי באַפעלט אים: וואָס י אָ צו פאַרגעדענקען — (אַלעס, וואָס זי איז ג ע צ וו א ו נ ג ע ן צו דערלערנען — מן השפה ולחוץ — פון מענטשנס קולטור־געשיכטע;) און וואָס — נישט... זי דערציט אים איבער. זי דעגענערירט אים... אָבער — ווי געזאָגט: אויך זי ווייסט פון אַ מאָראַל. דאָס איז — די שפּיר־מאָראַל פון דער טראַכט...

ווייל: דער מענטש דענקט מיטן געדאַנק. די פרוי טראַכט מיט דער טראַכט.

יד) דער ליבע־האַס-געראַנגל פון מאַן און פרוי, — דאָס איז — דער קאַמף צווישן ליכט און פינצטערן ברענשטאָף. ליכט פון זיך אליין לויכט נישט. עס מוז אָנקומען, אומפאַרמיידלעך־פאַטאַל, צום פינצטערן

ברענשטאָף. אים און ז י ך צעצינדן און נעמען פֿאַרצערן, כדי אַליין צו ווערן אויפגעלויכטן — אינעם קאַמף, פּ אַ ד (איידער) דעם פֿאַרגיין פֿון ביידן, אַלס עקסטרעם־פֿאַרביסן־געבליבענע פּיינט ביז לעצט. ווייל פּונקט ווי ליכט בלייבט לויכטן, צינדן און פֿאַרצערן דעם פינצטערן ברענשטאָף, ביז צום פֿאַרגיין, — אַקוראַט אַזוי פֿאַר־קערט בלייבט פינצטערער ברענשטאָף, אַפילו (אָדער ד ו ו ק אַ) בשעת ער ברענט — פינצטער ווי געוועזן; און ער הערט נישט אויף צו מאַכן־לויכטן, זוינג דאָס חיות און פֿאַרצערן אי דאָס ליכט, אי זיך, ביז צום פֿאַרגיין... אַזוי ברענגט אום ל י כ ט: ז י ך און דעם קעגנער — צוליבן לויכטן. אַזוי איז פינצטערער ברענשטאָף באַרייט: ז י ך צו לאָזן אומברענגען ביז לעצט, — אַבי אויסצוראָטן־פֿאַרטיליקן דעם פֿאַר־אַכטלעכן קעגנער, דאָס ליכט — און פינצטער זאָל זיין!...

דער ליבע־האַס־געראַנגל פֿון מאַן און פֿרוי, — דאָס איז — דער קאַמף צווישן ליכט און פינצטערן ברענשטאָף. ז יי ן גייסט פֿון זיך אַליין לויכט נישט. ער מוז אָנקומען, אומפֿאַרמיידלעך־פֿאַטאַל, צו איר פינצטערער ברען־מאַטעריע א. א. וו.

טו) די פֿרוי איז — די אייביק־יונגע זון, אין וועלכער די אַטאָמישע ענערגיע הערט זיך נישט אויף צו באַנייען. אַרום איר — ווי די ערד, אַרום איר דרויסנדיקן צענטער, — דרייט זיך — אין צענטריפֿוגישער גראַ־וויטאַציע, אין אַטראַקציע — דער מאַן; וועלכער, גלייכצייטיק, (ווידער, אַלציינס ווי די ערד, אין איר ליבע־שפּיל מיט דער זון,) הערט זיך אָבער ניט אויף צו דרייען אַרום זיך גופֿא, (די צענטריפּעטישע קראַפֿט פֿון אָפּ־שטויס;) עס הייסט, אַרום זיין אייגענעם צענטער...... (דער הויז־פֿריינט, אַגב, איז — אַ דערשינענער קאָמעט צווישן דער זון און דער ערד, וואָס ברענגט אָפּט אומגליק.)...... זיי ביידע, ווידער, די פֿרוי און דער מאַן, אַלס נייער איינס — דרייען זיך אַרום זייער דרויסנדיקן צענטער, דעם קלאַס; נאָר, צוגלייך, אַרום זיך. (דער אייביקער דיאַלעקטישער געראַנגל צווישן דער דינאַמישער אַנטיטעזע און דער סטאַטישער טעזע, צווישן צופּאַסונג און ירושה.)... אויך דער קלאַס מאַכט אַ קרייז אַרום זיין דרויסנדיקן צענטער — אַרום דעם פֿאָלק פֿון זיין לאַנד, פֿון זיין היים, נאָר, צו גליי־כער צייט, אַרום זיך גופֿא. דאָס פֿירט אים, במילא, דעם קלאַס — אַריבער־צושפּאַנען די קרייז־מחיצה פֿון זיין היים און לאַנד, און נעמען מאַכן נאָך אַ גרעסערן קרייז — אַרום זיין קלאַס, אין אַלוועלטלעכן פֿאַרנעם...... אָבער אויך דאָס פֿאָלק, אַלס אַזעלכעס, שטרעבט אויסצוברייטערן די קרייז־מחיצה פֿון אייגענעם לאַנד און נעמען מאַכן נאָך אַ גרעסערן קרייז אַרום אַ ניי־אַנטפּלעקטן דרויסנדיקן צענטער — אַרום דער מענטשהייט.

טז) נאָך עפּעס וועגן דער „פּראַקטישקייט" פֿון דער אימפּולסיווער אַנטיסאָציאַלער פֿרוי; און וועגן דער „אומפּראַקטישקייט" פֿון דעם

גיגאַנט, דעם אינטעלעקטועלן סאָציאַלן מאַן... עס איז אין אבסאָלוטן הסכם מיט דער לערע פון מאַרקס און ענגעלס: אַז בלויז יחידים קענען דעזערטירן פון זייער קלאַס און אַריבערלויפן אין די רייען פון שונא. דאַ־קעגן, דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט, אַלס קלאַס, קאָן נישט דעזערטירן פון זיינע פּאָזיציעס; און ער מוז, דאַרום, אין זיין שטרעבונג — זיך גופא צו עמאַנציפּירן, — גורלדיק־היסטאָריש, עמאַנציפּירן די גאַנצע געזעל־שאַפט... איז, אַט אין דעם באַשטייט דער פּאַראַט פון דער „פּראַקטי־שער" פרוי: וועלכע עצהט איר חבר: צו דעזערטירן פון זיין קלאַס און פון זיין היסטאָרישן באַרוף: כדי זיך, א פ ן מ אָ מ ע נ ט, צו ראַטע־ווען פון אַ באַלדיקער נעפּאַר... דאַקעגן, דער „אומפּראַקטישער" מאַן באַ־נעמט סאָציאַל־אינטעלעקטועל: אַז ער דאַרף גיין — באַנאַנד מיט זיין קלאַס; וועלכער קאָן פאַרלירן שלאַכטן; אָבער נישט — די לעצטע אַנט־שיידנדע שלאַכט, ווייל ער איז, היסטאָריש — אומבאַזיגבאַר; ווייל ער איז — די צוקונפט.

איצט, ווידער — אַ נייער ניואַנס. אויב דער מאַן, דער סאָציאַל־אינטע־לעקטועלער גיגאַנט, וועט פאַרלאָזן זיין קלאַס, און אַ ל יי ן פּרואוון אונטערנעמען אַ קאַמף קעגן זיינע אַנטיסאָציאַלע שונאים, — וועט ער דעם קאַמף פאַרלירן צו זיי, מיט שאַנד. ווייל זיי, די נישטיקע שונאים — דאָס אַנטיסאָציאַלע אימפּולסיווע מיסט פון דער צייט — וועלן אים באַ־קעמפן: נידערטרעכטיק, קליינלעך, עיפּושדיק — אַזוי ווי זיי אַליין זענען; און במילא וועט דער „אומפּראַקטישער" גיגאַנט — וואָס ריינער, אומ־באַפלעקטער, העכער און שטאַרקער ער איז, — אַלצמער וועט ער מוזן ני־דערן, זיך־אַראָפּלאָזן צו זיי, זיך־אויסשמירן אין זיי, מיט זיי זיך־פאַרעי־פושן, און, צו־לעצט, אין זיי בלייבן פאַרגריזשניעט... און, אין דער זעלבער צייט, — וועט די אימפּולסיווע אַנטיסאָציאַלע פ ר ו י — מיט איר „פּראַקטישער" מבינות אַפן מיסט: פון וועלכן זי איז אַ טייל — זיך־לייכט קענען אַט די שונאים קענען אַ עצה־געבן.......

דאַקעגן, ד ע ם ג י ג אַ נ ט בלייבט תמיד זיין איינציקער אויסוועג: גיין צוזאַמען מיט זיין גראַד; וועלכער וועט שוין וויסן — אָ, אַז די שעה וועט שלאָגן —: וויאַזוי אויסצובערענען דעם אַנטיסאָציאַלן עיפּוש פון דער צייט, ביז צום גרונט; און טיפער נאָך.

יז) אין ליבע: ווערט דער מאַן — ווילנלאָז: די פרוי — שטאַרק. ווייל די פּסיכיק פון (נאָרמאַלן רייפן) מאַן איז — אַ טאָפּעלע, אַ צעריסע־נע, אין געראַנגל צווישן פירנדן מארך (ווילן), און וו ע ל ן ־ פירנדן בלינד־פאַרעקשנטן (פּאַקטיש — ווילנלאָזן, קאַפּריזנעם) אימפּולס. דאַ־קעגן, די פּסיכיק פון דער פרוי (אָן אויסנאַם) איז — אַ מאַניאַקיש־גאַנצע, אָן דעם מינדסטן ריס; נייערט — אַ אימפּולסיוו־פאַרפלייצטע, אַ נעטלעך־פערפעקטע; (פּונקט אַלציינס, ווי באַם קינד פון ביידע געשלעכטער;) אין

װעלכער — בלינדער אימפּולס הערשט פּאַרביסן איבער מאַרך און פירט אים... דער ליבע־פּראָצעס דריקט זיך אויס אין דעם: וואָס מאַן ווערט, ווידער — אינפאַנטיליש־גאַנץ; אימפּולס פאַרפלייצט, אומגעריכט, אין אים זיין מאַרך (זיין ווילן) און נעמט אים פירן; ווערט מאַן — ווילנלאָז און... גליקלעך־אומגליקלעך, ווי אַ קינד. מאַן פאַרלירט — ווילן, כאַראַקטער. דער קאָכיקער געווויסער, דער מבול, גלייכט אויס, פאַרדעקט אין אים אַלע בערג און טאָלן, ווישט אָפּ אין אים אַלע קולטור־דיפערענצן; און טראָגט אים, ווי אַ שפּענדל, מיט צעזאָדענעם וואוט — צו זעלבסט־פאַרלענד...... דאַ־ קעגן, די תמיד־גאַנץ־געבליבענע פרוי, די אייביק־פאַרפלייצטע אין איר בלינד־מאַניע — ווערט, ערשט, אין איר אימפּולסיוו־צעבושעוועטן ים — נאָך פולער, אויפגעשווילענער, פּאַטענטער, ווילדער, ברוטאַלער; און פרייער, אומגעצווימטער — אין איר הערש־זוכט: איבער דעם פאַרהאַסטן, אָבער, ענדלעך, געבראָכענעם מאַן... נו, איז אַ רבותא: וואָס זי פילט זיך — שטאַרק, דערהויבן, אומבאַזיגבאַר?......... און פונקט דאָס זעלבע פּאַ־ סירט — אין צייטן פון כאָאָס: ווען דער סאָציאַל־אינטעלעקטועלער מאַרך פון דער מענטשהייט ווערט, מיטיינמאָל, פאַרפלייצט פון אימפּולסיוון מבול — איבער אַלץ. ווערט זי דאַן, די מענטשהייט, אומגעריכט — מאַ־ ניאַקיש־גאַנץ, קינדיש־יונג, אינפאַנטיליש גליקלעך־אומגליקלעך. און אַזוי, ווי צום טאַנץ, האָפּקעט זי אַוועק, צעהפקרט־זאַרגלאָז — צום תהום פון פאַרגיין, פון מאָסן־אומקום...

---

# אַבסורדן.

איך האָב אַמאָל געמאַכט אַ פאַרשלאָג אַ גרויסן געלערנטן: אַז איך וועל פאַרברענגען גריילעכע אַבסורדן, בתנאי, אַז ער זאָל זיי באַגרינדן — וויסנשאַפטלעך. נאָר: צי מחמת זיין וויסן איז געווען — צ ו ־ ה ו י ך, צי ־דער מיינע אַבסורדן — צו־קליין, — עס איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען... איז, זינט דאַן, בין איך אַליין געוואָרן — באַגרינדער פון מיינע אַבסורדן.

א) אַ מאַן האָט געקעמפט פאַר דער ערע פון זיין פרוי און אַריינגעפאַלן. דאַן איז זי — אַן אויפגעצאַפּלטע, פון דאַנקבאַרקייט, — אים גע־ לאָפן ראַטעווען, דאַדורך — וואָס זי האָט איר ערע אָפּגעגעבן... ווייל: וואָס איז פאַר איר — ע ר ע — אַן אַ מאַן?! די ערע פון דער „זי" איז דער „ער".

ב) דער ו ו י ז ־ א ־ ו ו י פון דער ליבע איז — ד ע ר ו ו ע ז ו א ו ו י — וואו דער סאָכיקער לאַווע־אויספלוס צעשטערט און באַפרוכפּערט.

ג) הקב"ה בונה עולמות ומחריבם. ד י ע ר ש ט ע ל י ב ע ־ אילו־ זיע ווערט קיינמאָל נישט רעאַל.

ד) וישנאה אמנון שנאה גדולה מאוד; כי גדולה השנאה אשר שנאה,

מאהבה אשר אהבה (שמואל ב', י"ג): עס איז אַרויסגעוואַקסן דער האַס, וואָס ער האָט איר געהאַסט — אַזיס דער ליבע, וואָס ער האָט איר געליבט.

ה) עס איז אַלט, ווי די וועלט: אַט דאָס טרעפן אין אַ ידיהו סוגרת ומסוגרת, אין דער פאַררינגלטסטער פעסטונג — אַ רחב הזונה, אַ גאַסן־אָפּקערערן, וועלכע איז גרייט צו דינען. נאָכהער — נייט שוין אַלץ צ ו, ווי אַ מ ז מ ו ר ... די מויערן צעפאַלן זיך, ווי שטויב — און נ־טערן ש אַ ל ן ב ל ו י ז פון די ט ר ו מ ייט ן ...

ו) ראתה שפחה על הים, מה שלא ראה יחזקאל הנביא וכ"ג. און ווירקלעך, זעט יעדער אייגער — עפּעס אַנדערש; זעט יעדער איינער — דאָס זייניקע. און בעת יחזקאל, למשל, האָט געזען — מ ע ש ה־מ ר כ ב, — האָט איר, דער שפחה, זיך גראָד געקענט חלומען, און דערום זאָל זי גאָר האָבן געזען דאָס איריקע — מ ע ש ה־מ ש כ ב.

---

א) מע קאָן ווערן — שטערבלעך־פאַרוואונדעט און, גראָד דערפאַר, בלייבן — אומשטערבלעך.

ב) משיח וועט קומען אַ עני ורוכב על החמור; און נישט — פאַרקערט.

ג) מע קאָן זיין דער גרעסטער גברן און נישט קענען בעמען סיין וואָס — לייבט.

ד) זיין אַ פּאָעטישער מענטש מיינט נאָך נישט — זיין „פּאָעטיש" אויף אַלץ.

ה) שטאַנדאַרט פון מענטש איז נישט דאָס זעלבע, ווי — מענטש פון שטאַנדאַרט.

ו) דער מענטש הויבט זיך תמיד אָן — דאָרט, וואו ער ענדיקט זיך.

ז) מענטש — איז קיינמאָל נישט: דאָס, וואָס ער א י ז; נאָר — דאָס, וואָס ער א י ז נ י ש ט.

ח) דאָס, וואָס דער מענטש ווייסט, — ווייסט ער נישט. בלויז דאָס, וואָס ער ווייסט נישט, — ווייסט ער.

ט) יעדעס וואָרט אין צייט (אַ צייטוואָרט) באַצייכנט אַ ט ו אַ ו נ ג.

י) ווען דער טויט פאַרמשפּט צום טויט, איז עס — קענן ל ע ב ן.
ווען דאָס לעבן פאַרמשפּט צום טויט, איז עס — קענן ט ו י ט.

יא) דער גרויסער מאָן ליידט אָפטע דורכפאַלן אין לעבן. אָבער — נישט דערפאַר, זאָל יעדער דורכגעפאַלענער שלימזל אין לעבן גילטן, אַלס גרויסער מאָן.

יב) דער מענטש פאַרלירט זיך תמיד — דאָ, ווען ער געפינט זיך. דער מענטש געפינט זיך תמיד — דאָרט, וואו ער פאַרלירט זיך.

יג) דבר שהיה בכלל ויצא מן הכלל ללמד, לא ללמד על עצמו יצא, אלא ללמד על הכלל כולו יצא. אַז איינער איז געווען אינעם כלל, און ער האָט זיך פונעם כלל אַרויסגעהויבן, — איז ער נישט אַרויס — לערנען

פאַר זיך; נאָר צו לערנען און ווערן דער וועג-ווייזער פונעם גאַנצן כלל.

יד) דער אינדיווידואל, דער יחיד, דער איינס זאָל תמיד זאָרגן — צו זיין פאָרויס. דאַן, — ווי גרויס עס זאָל נישט קומען די נול־מאַסע, וואָס שלעפּט זיך נאָך אים — וועט זי בלויז מולטיפּליקירן ז יי ן קראַפט: דאָדורך, וואָס זי וועט זיך לאָזן פון אים באַוועגן...... נאָר, גאַנץ־אַנ־דערש, אָ, געשעט אין דעם סדר־עולם: וואו דער הדיוט דער נול איז דער קופּץ-בראש, און ער יאָגט דעם איינס אַריבער...

טו) וישח אָדם וישפּל איש. (ישעיה ג׳) מענטשן זענען געקנופּט און גע־בונדן צווישנאַנאַנדער. ווען עס לאָזט זיך אַראָפּ א יי ן מענטש, — אַזוי פאַלן ־ מ י ט מיט אים — אַלע אַנדערע.

טז) א דיכטער זינגט, לאַנגע יאָרן, אין סטראָפן; ביז ער דערגייט, ענד־לעך, צום איינציקן סטראָף פון זיין לעבן — צום קאַטאַ-סטראָף.

יז) איין זאַך איז: צושליסן די אויגן פאַר דער אַרומיקער ליכטיקייט, מאַכן פאַר זיך אַליין — נ א כ ט, — און עפּעס אַנדערש איז: זוכן, מיט אָפענע אויגן — אַף דער אַרומיקער נאַכט. הגם אין ביידע פאַלן איז — פ י נ צ ט ע ר, — א י ז דאָך דער אונטערשייד: נישט אַזוי — צווישן טאָג, און נאַכט, — נייערט: צווישן — זיך־מאַכן ב ל י נ ד, און — פאַרבלייבן ז ע ע נ ד י ק.

יח) די וועלט איז שיין: ווייל זי איז — נ י ש ט ־ שיין. וואָרום: וואָלט זי, ווירקלעך, געוואָרן שיין, — וואָלט זי דאָס גלייך אויפגעהערט צו זיין.

יט) קיינער איז נישט אַזוי פאַרורטיילט צו האַנדלען קעגן דער מאָראַל, ווי די מאָראַל גופא. ווייל בעת יעדער איינער קאָן, וו ע ן ער וויל, מקריב זיין ז י ך — פאַר דער מאָראַל, — איז די מאָראַל, דאַקעגן, פאַטאַל געצוואונגען: צו פאַרבלייבן אייביק — עגאָאיסטיש-טריי בלויז צו זיך אַליין.

כ) דער מענטש איז דאָ — נאָר דאָרט, וואו ער איז נישטאָ. דאַקעגן: דאָרט, וואו ער איז דאָ, — איז ער נישטאָ.

(מענטש זעט זיך אָן נאָר ד אָ ר ט — וואו ער פעלט, און ער גלאַנצט מיט זיין אָפּוועזנהייט. דאַקעגן: דאָרט, וואו ער איז פאַראַן, — פאַרשטעלט ער ז י ך א ל יי ן — אַז מע זעט אים ניט אַרויס.)

---

א) קול המון כקול שדי — מיינט נישט קיין לויב פאַרן ע ר ש ט ן, — נאָר א קאָנסטאַנץ וועגן אָפּשטאַם פונעם צ וו יי ט ן.

ב) די תורה איז נאָר געגיבן געוואָרן אַף א באַרג, — לאָז זיין — דעם נידעריקסטן: וו אָ ס נעענטער צו דער ערד; אָבער דאָך — אַף א באַרג — העכער פונעם רעאַלן לעבן, — און שוין איז זי געוואָרן — א איבער־ערדישע אומוואָרהאַפטע אילוזיע, א אומאָננעמבאַרער גזר: וואָס

האָט זיך אַנדערש נישט געקאָנט מאַכן קיין אָרט בּאַ דער מאַסע — סיידן דורך קולות וברקים!... און אחרי ככלות הכול, און נאָך אַלעמען: וידבר יהוה אל משה: ל ך ר ד, כי שחת עמך. גיי, רעד — אַז די מאַסע האָט פאַראַטן.

ג) די אַלטע מאָראַליסטן האָבּן געלערנט: „ווילסטו ווערן אַ י ש, — מוזסטו פריער ווערן — אַ י ן . . .” ...שטעלט זיך אַרויס: אַז דאָס איז דער כּלל גדול פון ביליקן המון, אין אַלע צייטן: „— ווילסטו ווערן אַ י ש בּאַ גישטיקייטן, — מוזסטו פריער אַליין ווערן, בּאַגלייך מיט יעדן — אַ ג אָ ר נ י ש ט ”...... אַנישט, — איז: לך מעמנו, כי עצמת ממנו.

ד) מפסולתן של לוחות נתעשר משה: מוישע, דער המון, ווערט רייך — פון דעם אָ פּ פ אַ ל פון אידייען. צו דער אידייע גופא דערלאַנגט קיינמאָל נישט מוישעס השגה.

ה) אַ וויסנשאַפטלעכער סאָלדאַט איז נישט דאָס זעלבע, ווי — אַ סאָל־ דאַט פון דער וויסנשאַפט.

ו) והכוהנים נושאי הארון. זאָגן די חכמים: הארון נושא את נושאיו... די אָרון־אינסטיטוציע האָט פיין אויסגעהאַלטן (ג ע ט ר אָ ג ן פ אַ ר) אירע נושאי־המטה, די קולטור־טרעגער; וועלכע האָבּן געהאַט ג ר ו י ס ע פּ אַ ר ד י נ ס ט ן — פאַר; און, במילא, אויך געמוזט האָבּן ג ר ו י ס ע פּ אַ ר ד י נ ס ט ן — פון — דער הייליקער, אָ, האַרציקער אידישער קולטור...

ז) איינער קאָן אָפט נישט ווערן פאַרן לעבּן דאָס, וו אָ ס ע ר א י ז, — דערפאַר: ווייל אַנדערע קענען נישט „און ווערן” פאַרן לעבּן — דאָס וואָס זיי זענען נ י ש ט.

ח) איינעמס טראַגעדיע בּאַשטייט אין דעם, וואָס ער איז נ י ש ט אויסגעוואַקסן; אַ צווייטנס — וואָס ער איז י אָ אויסגעוואָקסן. עס הייסט: דעם ערשטנס אומגליק בּאַדינגט דעם צווייטנס.

ט) איינער א י ז הויך, — דערפאַר, דערגרייכט ער נישט — די פּאָזיציע. און איינער „וו ע ר ט הויך” — נאָכדעם, ווי ער האָט דערגרייכט די פּאָזיציע... איי: וויאַזוי האָט ער זי דערגרייכט? — גייט, פרעגט אים!

י) איינער א י ז הויך, — דערפאַר, נ ע מ ט ע ר נ י ש ט אָ ן —די פּאָזיציע. און איינער „וו ע ר ט הויך”, — נאָכדעם, ווי ער האָט א יי נ ג ע נ ו מ ע ן די פּאָזיציע.

יא) דער גרויסער מענטש דערגרייכט, מיט זיין חכמה — די מאַכט. דער גרויסער נישט דערגרייכט, מיט זיין מאַכט — „די חכמה”; זיך נישט־ נעבּנדיק, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל קיין רעכענונג דערפון: אַז, כאָטש ער איז בּאַ מאַכט, — האָט אים ד אָ ך די חכמה בּאַמאַכט.

יב) דער שמענדיק-טעמפער מענטש ווארפט זיך אין די אויגן — גראד מיט זיין ז ע ל ט ע נ ע ם שארפזין. דער שמענדיש שארפזיניקער ציט אויפמערקזאמקייט — דווקא מיט זיין ז ע ל ט ע נ ע ר טעמפקייט.

יג) איינער לעבט מיט א שנעלן טעמפ; ווערט ער — שנעלער טעמפ. איינער — מיט א לאנגזאמערן. אבער טעמפ איז יעדער.

יד) נישט איין גרויסער קולטור־מאן לאזט אייך דערדריקט — מיט זיין שווערן קולטור־„טעמפ".

טו) נישט איינער הויבט אן מיט א פלאמפייערדיקער ליבע — צו דער רעוואלוציע; און פארענדיקט מיט א פלאמפייערדיקער רעוואלוציע — אין דער ליבע.

טז) אין צייטן פון מגפות: וואקסט די מענטשלעכע שטערבלעכקייט — און די ב א צ י ל י ש ע או מ ש ט ע ר ב ל ע כ ק יי ט.

יז) ויותר יעקב לבדו ויאבק איש עמו. (בראשית ל"ב.) רש"י: „שב לבדו להעביר פחים קטנים..." קליינע קריגערייען ברענגען תמיד צו דער גרויסער מלחמה.

יח) זאגט אייך, וואס איר ווילט; נאר דער פלאגיאטאר איז פארט — — דער גרעסטער וועלט-מייסטער: ווייל, בעת אין דעם קינסטלערס ווערק דערזעט זיך בלויז — דער פשוטער מענטש פון לעבן, — איז אינעם פלאגיאטארס „א ווערק" דערקענט זיך גלייך — דער גרעסטער קינסטלער אפילו.

יט) ודבר ה' אל משה פ נ י ם א ל פ נ י ם. (תשא ל"ג.) וראית את אחורי, ופני לא יראו. (די זעלבע פרשה)... דער אידעאל פאר־מאגט אי א פנים, אי אן אחור. נאר, דינען צו בידע פאראמאל איז אומ־מעגלעך... וראית את אחורי, ופני לא יראו: ניט מען זיך אפ מיטן אחור פונעם אידעאל, — דאן פארשווינדט דאס פנים... איז — אזוי: מ ש ה ד ע ר מ נ ה י ג: רעדט עם ה' — פנים אל פנים. דאקעגן, מ ו י ש ע ד ע ר ה מ ו ן, — א, זיינע השגות גרייכן גארנישט ווייטער פונעם אחור...

---

## אלגעמיינע אינזיכיזמען.

א) א י ב ע ר לעבן מיינט — בלייבן, לאזן, פארגעדענקען.

ב) ל ע ב ן מיינט — דורכלעבן, איבערלעבן, דערפארן, אנטפלעקן.

ג) געבערן מיינט — ג ע ו ו י נ ע ן; אין קעגנזאץ צו פארלירן.

ד) דער ברייטסטער צעשטורעמטסטער ים האט זיין אנשפאר, אין דער טיף — אף פעסטער יבשה. ניט איינמאל אבער, נארט דער שטראם אונזער אויג און ווייזט דעם סאמע דנא — א צעשטורעמטן.

ה) דער בוים פון לעבן געדייעט אידייען — לויט די פיר צייטן פון זיי־נע יארן.

ו) לעבן, דאָס איז — אַן אומהיילבאַרע קרענק, וועלכע פירט, אומפאַר־
מיידלעך פאַטאַל, צום טויט, אָדער — צום אייביקן לעבן: וואָס איז,
אין תוך גענומען — איינס און דאָס זעלבע.

ז) אַז עס ווערט געבוירן אַ קינד — רעהאַביליטירט זיך ד אָ ס ל ע ב ן.
אַז עס שטאַרבט אַ רשע — רעהאַביליטירט זיך ד ע ר ט ו י ט.

ח) גרויסע אָנגערייפטע געשעענישן פון קאָלאָסאַלן פאַרנעם און באַטייט
ברעכן, אָפט מאָל, אויס אינעם לעבן — דורך אַ קלייניקן נישטיקן
צופאַל, אַ גאָרנישט.

ט) מיר זענען — די סעדער, וואוהין עס קומען קינדער גנב'ענען די
פאַר־זיי־נאָך־אומרייפע פאַרבאָטענע פרוכט.

י) פאַראַן — היגיענישער פעסימיזם, פונקט ווי — היגיענישער אָפּטי־
מיזם. ביידע זענען נישט־אָנשטעקנד.

יא) גיב נאָר אַ טראַכט: וויאַזוי די טעמפּע אידיאָטישע אימפּאָטענטע
פאַטאַליטעט לויערט אַזוי פערוועדז אַף דיין טאַלאַנטפול לעבן, און
זי רוקט דיר אַרויס דעם נישטיקסטן צופאַל — אַ הינטל, אַ שטיינדל אַף
דיין וועג, אַ ביינדל אַ קרומס אין דיין גאָרגל — עס צו צעשטערן.

יב) אַמאָל ווערט אַף דער וועלט שטאַרק פינצטער: ווייל דאָס לעבן נעמט
זיך פאַרן שאַפונגס־פּראָצעס.

יג) ווען מע קוקט זיך־צו צו אַ ג ר ו י ס ן ז יי נ ע ר און צו אַ
ק ל ע נ ע ר ן — אַזוי דערזעט מען גלייך: אַז עס איז אַלציינס:
צי איינער דרייט אַ ג ר ו י ס ע ר אָ ד — אין דער צייט, אָדער אַ
ק ל יי ן ר ע ד ל, — שלאָגט פאַר אַלעמען באַגלייך — די זעלבע שעה.

יד) דער פאַרדינסט פון רייד באַשטייט אָפט אין דעם: וואָס דערנאָך
דערפילט מען ערשט — די חשיבות פון שווייגן.

טו) יעדער שבת מאַכט שוואַך.

טז) זאָג: וואָס קריגט מען, באַם אויסהערן אַ גלחס אַ לעקציע? — אַן
אַפאָפּ־לעקציע.

יז) כי רוח החיה באופנים. דער גייסט לעבט א י ן ד ע ם א ו פ ן;
אין דער פאָרם.

יח) מדבר (מעדאַבער) — מדבר (מידבאָר.): רייד אָן טאַם איז — אַ
וויסטע.

יט) אַ טעות איז — דער אומפאַרמיידלעכער שוואַרצער פאַן פאַרן אמת;
פונקט, ווי די ביינ־באַגלייטנדע גראַפאָמאַניע איז דאָס — פאַרן טאַלאַנט.

כ) תעיתי כשה אובד. די אינטואיציע בלאָנדזשעט.

כא) עס איז די אויפגאַבע פון דער מיסטיק — צו באַמיסטיקן די פעל־
דער פון לויטערן פאַרשטאַנד.

כב) דאָס כאַאָטישע לערנען — אָן אַ מאָלס, אָן אַ סיסטעם, — דער־
פירט דערצו: אַז דעם מענטשנס גייסטיקע פעלדער ווערן, (איבער

דעם: וואָס מע האָט זיי נישט, באַצייטנס, גענפּאַלעוועט) — פאַרוואַקסן איינגאַנצן מיט ווילדע גראָזן; און זיי נעמען-צו זיין זאַפּט — פ אַ ר ז י ך; במילא: בלייבט, קיינמאָל נישט, אין אים קיין פּלאַץ — פאַרן אויפגאַנג פון אַ געזונט קרעפטיק געוועטעניש...

כג) יעדער מיסברויך מיט אומגעצוימטקייט, מיט אויסשפּאַנונג ווערט, צולעצט — אַ שווערע שפּאַן, אַ דריקנדע צוים.

כד) נישט איינמאָל: לאַכט פון דיין איינגעזעסנקייט, פון דיין האָבן געבליבן אָפּגעשטאַנען — דער סיגנאַל פון אַ פאַרביילויפנדן צוג, פון אַ אָפּגייענדער שיף: „— זע, מיר פייפן אַף דיר...״

כה) ווען איינער לעבט ז י ך א ל י י ן א י ב ע ר, — נעמט ער ווערן, פּלוצים — „יונג״, קינדיש — עובר־בטל. דערמיט דערקלערט זיך — די היינטצייטיקע זאַרגלאָזע „יוגנט״ פון דער אַלטער וועלט.

כו) נאָך כלעסטאַקאָוון קומט תמיד — דער רעוויזאָר.

כז) אַ פאַרוואָרצלט ביימל — מאָג עס זיין ווי קליין, —האָט עס זיין רוים — אינעם גאַנצן אוניווערס. דאַקעגן, אַ אַנטאָרטעטער בוים — מאָג ער זיין ווי ריזיק אויסגעוואַקסן, — איז פאַר אים אין ערגעץ קיין אָרט נישט פאַראַן.

כח) התינוק, משעה שנולד, מתחיל להתייבש. (ר׳ בחיי הדין, אין „חובת הלבבות״.) דער פּראָצעס פון לעבן איז — ווי דאָס נאָכאַנאַנדיקע פּלאַנירטע לאָזן עקספּלאָדירן די צונויפגעפּרעסטע ענערגיע אין אַ באָמבע, אַלציינס — לויט אירע פאַרשיידענע שאַטירונגען פון פאַרנעם, אַמביציע, עקספּאַנסיע; אָבער וועלכע שטרעבט, אין איר תוך, איבעראַל, צו דער — אויפהערנזייענדער זעלבסט־באַפרייונג...

כט) „— וואָס קאָכסט זיך אַזוי?״ (פּאָלקס-אויסדרוק.) „אָזיל סימקאָ ואתאַ חיוורא״. (מאמר חז״ל) „באַם אויפקאָכן מעטאַלן, קומען אַרויף אַף דער איבערפלאַך קאָלירן, וואָס גייען שנעל, איינער נאָכן אַנדערן, און וועלכע קענען ווערן באַשטימט, לויטן געשמאַק.״ (געטע „פאַרבענלערע.״)

ל) די מאָראַל צווישן ציניקער האָט אַזאַ אויסזעען, ווי — די איינגעהיי-טע טוגנט פון דער אַלטער מויד.

לא) דער אויפבלי פון דער נאַטור, דאָס איז — איר ווידוי.

לב) פונקט, ווי די ערד דרייט זיך אַרום דער זון — פ י ז י ש, — אַקו-ראַט אַזוי, דרייט זיך די זון אַרום דער ערד — — מעטאַפיזיש.

לג) יעדע סיבה איז אַ מאָטיוו, און מאָטיוו איז געזאַנג. (און פאַרקערט)

לד) דאָס לעבן איז — אַ פאַסקודנער אומהיילבארער טומאָר (געשוויר,) וועלכער פירט אומפאַרמיידלעך צום טויט. שוין דער פאַרפלאָנץ פון לעבן איז — אַ קראַנקהאַפט־ספּאַזמאַטישער אַקט צווישן צוויי האַרטע טומאָרן, אַ „ער״ מיט אַ „זי״; און פון זיי קומט עס אַרויס, נאָכהער — אַ

דריטער ווייכער טומאַר; וועלכער נעמט אָבער גלייך וואקסן און, מיט דער צייט, דערגייט ער אליין צו ווערן — אזא הארטער בייזער טומאַר, ווי זיינע אָבות... אזוי — דאָס לעבן פון יעדן איינעם; אזוי — דאָס לעבן פון דער גאנצער מענטשהייט: מיט אירע גאונים, טיראַנען, קאמפן פאר עקזיסטענץ, אידעאליזם, מאטעריאליזם, שיכטן, קלאַסן, שטרייטן צווישן פעלקער און לענדער — דאָס איז די געשיכטע פון אייביקן געראנגל צווישן הארטע און ווייכע טומאַרן; וועלכע טוען זיך גרויזאַם-ברוטאל אויסראָטן קעגנזייטיק; אינערהאלב דער אל-געמיינער פאטאלער קאַרוזעלע פונעם ט ו מ אָ ר י-ז ם ; וועלכער טוט זיך, אזוי איידל-ציניש, טיטולירן — הומאניזם.

לה) אבראקאדאבראַ — א קמיע-שפּרוך צו פאַרשיידענע חולאת'ן. עס שטאַמט פון אלטן ארמית: עבראָ כד עבראָ. עס הייסט, אז איינער א לץ האָט אָנגעשריבן: עס וועט אריבער, ווען עס וועט אריבער. (מעזבון יהודה לייב גאָרדאָן.)

לו) ווען מע נעמט דיך אויף, אין ערגעץ — באשיידן-קאָרעקט, — איז דאָס א איינלאַדונג אף ווייטער. דאקעגן, ווען דו זעסט: מע שטרענגט זיך אָן דיך אויפנעמען פייערלעך, — טאָ זאָל עס, גלייכצייטיק, דינען פאר דיר, אלס אָפּשייד-באל: ווייל נישט אלע מאָל איז פאר יענעם מעגלעך דיך אזוי צו פייערן; און יעדע אויפנאַמע, ווידער, וואָס וועט נישט אויספאלן אזוי ראַש, ווי היינט, — וועט שוין זיין פאר דיר א פּחיתת-הכבוד.

לז) דער קאמף קעגן שטראָם ווערט, אמאָל — דער פּאַלשירעם, מיט וועלכן איינער געווינט גלייכגעוויכט אינעם רוים, כדי צו קענען בשלום גרייכן דעם באָדן.

לח) די באפרידיקונג, דער גענוס קען קיינמאָל נישט לעשן דעם ברען פון דער בענקשאַפט. דערפאר איז יעדע באפרידיקונג — א דערוואַכונג, א אנטוישונג; און יעדער געניס — א שאַרפע טראגישע פאַרצווייפלונג. ווייל אין דער געצוימטער בלינדער בענקשאַפט פון בלוט און פלייש — צאַפּלט דער אומענדלעכער באַנג פון מענטשלעכן גייסט. קומט דער געניס, די באפרידיקונג פון געצוימטן חומר אין כלי, און האמעוועט די בענקשאַפט פונעם בלוט און פלייש, — אז, ערשט דאן, זאָל דערוואַכן, אין זיין גאנצן אומהיילבארן טראגיזם, דער אומדערזעטלעכער אומענדלעכער מענטש-לעכער גייסט: וועלכער זוכט א היילונג, אונטער אלע עלנט-מאומדיקע אוניווערסן; אָבער ער קען זי אין ערגעץ נישט טרעפן.

לט) דער אונטערשייד פאר אונז: צווישן ביראָבידזשאַן, אפן ו ו י י ט ן אָ ר י ע נ ט — און ארץ-ישראל, אפן נ אָ ע נ ט ן אָ ר י ע נ ט, — איז: ווי צווישן — א ו ו י י ט ע ר אָ ר י ע נ ט א צ י ע, און א נ אָ ע נ ט ע ר אָ ר י ע נ ט א צ י ע...

מ) מיין סאָציאַל-פילאָזאָפישע וועלט-אַנשויונג: ,אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אין איר עקספאנסיע און אנטוויקלונג — ((אלציינס, ווי אין

דעם מענטשנס פסיכיק: דער גערא־נגל צווישן דער הארץ־עמאָציאָנעלער
וויזיע און דער מארך-אינטעלעקטועלער באַנעמונג פון דער רעאַליטעט,
צווישן דער אַזוי־גערופענער אידייע און דער מאַטעריע: אַלס קאָנסעקווענץ
פונעם אַנטיטעטישן טעזע-אַנטיטעזע־עלעמענטן־געראַנגל אין דער ביאָלאָ־
גיע, (אין איר קאַמף פאַר עקזיסטענץ, אין גאַטירלעבן אַפּקלויב, דורך יהור־
שה און צופּאַסונג,) און אינעם קאָסמאָס, אין אַלגעמיין)), — ניט אָן דער
אייביקער שטרייט: צווישן היסטאָרישן אידעאַליזם און היסטאָרישן מאַ־
טעריאַליזם; עס הייסט, צווישן מאַסע און אינטעליגענץ... (געניוער, אין
מיין בוך „ליבאַוויטש און די וועלט", קאַפּיטל פינף).

---

ב. איירעס, י. 1947.

# אינהאַלט:

זייט

